פראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!



# 1905 יאָר
# אין באַרדיטשעוו

נאָטיצן און זיכרוינעס

באַרדיטשעווער קרייז־קאָמיסיע
אַף דורכצופירן דעם 20־יאָריקן
יובילײ פון 1905־טן יאָר

# 1905 יאָר
# אין באַרדיטשעוו

נאָטיצן און זיכרוינעס

באַרדיטשעווער קרייז־קאָמיסיע
אַף דורכצופירן דעם 20־יאָריקן
יובילײ פון 1905־טן יאָר

PRINTED in U. S. S. R.

דער זאמלבוך „1905 אין באַרדיטשעוו״ איז געווען גרייט צום דרוק צוריק נאָך מיט עטלעכע כאדאָשים צייט. מאכמעס אייניקע סיבעס האט זיך דאָס דרוקן פארהאַלטן. ארויסגעבנדיק דעם זאמלבוך איצטער, ד. ה. עטלעכע כאדאשים צייט נאָך דער פייערונג פונם 20-יאָריקן יובילײ פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, האלטן מיר דאָך דיזאָזיקע אויסגאבע ניט פאר איבעריק, ביפראט אז אין אידיש וועט דאָס, דאכט זיך, זיין דאס איינציקע ביכל וועגן דעם אנטייל פון דער אידישער ארבעטער-מאסע אין יענעם גרויסן קאמף.

מיר געפינען אויך פאר נייטיק באמערקן, אז דאָסדאָזיקע ביכל איז דער ערשטער פרואוו פונם באַרדיטשעווער היספּארט...

באַרדיטשעווער היספּאַרט באם
קרייז-קאָמיטעט פון ק. פּ. (ב.) או.

זייער שווער, אויב ניט אינגאנצן אומעגלעך. דאָס איז לייכט צו פארשטיין, אויב מיר ווען זיך דערמאנען, אַז ס'האָט געדאַרפט קומען דער מעכטיקער אופרייס פון אָקטיאבער, די מעכטיקע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאַנד און אוקראינע, קעדיי ארויסרייסן די אידישע אַרבעטער פון זייער אָפּגעזונדערטקייט און אַ שטויס טון זיי אפן וועג פון דער אינטער-נאציאָנאלער קלאַסן-באוועגונג.

* * *

אינם זאַמלבוך זיינען געגעבן געוואָרן איינצלנע בילדער פון די אָקטיאבער-טעג פון 1905-טן יאָר. עס זיינען אויך פאַראן עטלעכע ראפּאָרטן פונם פּאָליצמייסטער קריזשיצקי. כ'געפין פאר נייטיק אָט דידאָזיקע אָפּגעריסענע זיכרוינעס צו דערפילן מיט אַן אַלגעמיינעם בילד, וואָס מאָלט די אָקטיאבער-טעג און די געשעענישן ערעוו אָקטיאבער.

קוידעמקאָל איז אינטערעסאַנט די ראָלע פונם פּאָליצמייסטער קריזשיצקי. ער איז געווען איינג פארבונדן מיטן באַרדיטשעווער סאָכרים-שטאַנד, דערביי איז דידאָזיקע פארבינדונג זיינע געווען זייער אַן אָריגינעלע. דער דעלעגאציע פון די סאָכרים, וואָס זיינען געקומען צו אים אין איינעם פון די אומרואיקע אָקטיאבער-טעג, ווען די קאַזאַקישע מייע, וואָס האָט זיך געפונען אינם הויף פון אוטשאַסטאָק, איז גרייט געווען אָנהייבן דעם פּאָגראָם — האָט ער אָפּנ-הערציק דערקלערט, פארוואָס ער גרייט אַ פּאָגראָם און פארוואָס ער האָט אין אווגוסט כוידעש געשאָסן אין די דעמאָנסטראַנטן.

— „נאָכן מיטינג אין דער שול” — האָט ער געזאָגט — „געבנדיק מיר אין יאַד ארײַן, קעדיי איך זאָל ניט שיסן אין אוילעם, האָט איר מיר צוגעזאָגט צאָלן כוידעש-געלט. נאָר ווען דעם האָט איר פארגעסן, איז האָב איך אייך אין אַווגוסט כוידעש דערמאַנט וועגן דעם. גוט, וואָס איר זיינט איצט געקו-מען צו דער צייט, אַניט וואָלט מיר אויסגעקומען איצט צו דערמאָנען אייך מיט אַ האַרטערן לאָשן”.

דאָך האָט דערדאָזיקער צינישער פּאָליצמייסטער ניט געשפּילט קיין זעלבּ-שטענדיקע ראָל בעשאַס די אָקטיאבער-געשעענישן.

אין באַרדיטשעוו איז געווען אַ שווארצמייאישע אָרגאַניזאַציע מיטן פּריסטאַוו פּעטוך בעראָש. דידאָזיקע שווארצמייאישע אָרגאַניזאַציע איז געווען אונטער-טעניק דעם קיעווער גובערנאַטאָר ראַפּאַלאָוויטש און דורך אים — דער פּעטערבורגער שווארצער קנופּיע. די הויפּט-ראָלע אינם צעשיסן די דעמאָנ-סטראַנטן, וואָס זיינען דעם 17-טן אָקטיאבער געגאנגען צו דער טפיסע, האָט גענומען פּעטוך אליין, נאָר ווען אין עטלעכע טעג אַרום האָט געזאָלט פאָר-קומען די לעוואיע פון די געהארגעטע און קריזשיצקי האָט זיך אָנגעפרעגט בא ראַפּאַלאָוויטשן, ווי אַזוי זאָל ער זיך נויעג זיין, האָט ער פון קיעוו

דערהאלטן אַ דעפּעש: „אין דער שטאָט — דערלאָזן, אויסערן שטאָט — צעשיסן״. און נאָר אַדאַנק די באמיאונגען פונם שטאָט-ראָש קאָרנילאָוו, וואָס וועגן אים איז קעדאי זאָגן עטלעכע ווערטער באזונדער, האָט קריזשיצקי דאָס צווייטע מאָל טעלעגראפירט דעם קיעווער גענעראל-גובערנאַטאָר קלייגעלס, וואָס איז, אַפּאָנעם, געשטאַנען אויסער דער שווארצמייאַישער אָרגאַניזאַציע, און האָט פון אים דערהאַלטן ענטפער: „די לעוואיע דערלויבן״.

עטלעכע ווערטער וועגן דעם שטאָט-ראָש קאָרנילאָוון.

אַ באַלעבאָס פונם באַרדיטשעווער צוקער-זאַוואָד (דער גוט קאָרנילאָווקע), אַ ברודער פונם באַרימטן לאַוור קאָרנילאָוו — קערענסקיס מיטקעמפער און העלד פון דער באַרימטער פראָנט-איבערקערעניש — איז קאָרנילאָוו געווען אַ רעכטער אָקטיאַבריכט, דער אייציקער שטאָט-ראָש, וואס האָט אין מאָסקווע אַפּן צוזאַמענפאָר פון די שטאָט-ראָשן אין 1905-טן יאָר געשטימט דערפאַר, אַז מע זאָל מיט דער קראַפט פון געווער אונטערדריקן די אומרוען. לויט דער נאַטור אַ גראַדער און אַ כאָלדאַט, אַגעוו ניט פון די ווייטזיכטיקע, איז ער אין ד׳ אָקטיאַבר-טעג אונטערגעפאַלן דער ווירקונג פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געהאַלטן, אַז דער כויוו פונם שטאָט-ראָש איז צו פאַרטיידיקן די באַפעלקערונג פון אַ פּאָגראָם. און צודערצו האָט ער, אַפּאָנעם, ניט פאַר-שטאַנען, ווי קען מען עס נאָכן מאַניפעסט פונם 17-טן אָקטיאַבער, וואָס האָט צוגעזאָגט קאָלערליי פרייהייטן, ניט אויספירן דעם קייסערס ווילן? איז אָט פאַרוואָס ער האָט נאָכן פּאָגראָם, וואָס כע האָבן געמאַכט די קאַזאַקן אין טאָג פונם 17-טן אָקטיאַבער, באַטייליקט זיך אין אַלע באַראַטונגען מיקויעך דער אָרגאַניזירונג פון אַ זעלבסטשוץ; אָט פאַרוואָס ער האָט גערופן אַלע אַפּיצערן פונם רעזערוו אָפּצוגעבן דאָס געווער די בונדישע זעלבסטשוץ-אָטריאַדן, און ווען ס׳איז פאָרגעקומען די לעוואַיע, איז ער געגאַנגען אונטער דער רויטער פאָן, קעדיי אַזוי אַרום צו פאַרזיכערן די באַפעלקערונג פון צעשיסונגען. אינם טאָג פון דער לעוואיע איז געווען אין דער שטאָט-דומע אַ מיטינג, און קאָרנילאָוו איז געווען דערפאַר, אַז מע טאָר די לעוואיע ניט מאַכן, מאַכמעס עס קאָנען זיין צעשיסונגען. בעשאַס מאַיסע האָט ער געוואוסט נאָר וועגן ראַפּאַלאָוויטשעס טעלעגראַמע. נאָר פונקט צו דער צייט האָט מען אַריינגעטראָגן אַ פּאַקעט אַפּן נאָמען פונם שטאָט-ראָש. האט מען אים גלייך געעפנט און איבערגעלייענט אינדערהויך. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ מעלדונג פונם שטאָט-קאָמענדאַנט, וואו ער זאָגט, אַז ער האָט גאַרניט קעגן דער לעוואיע, בעאים עס וועלן ניט זיין קיין שאַנד-אויסרופן בענויגייע צום מיליטער. דערהערט אַזעלכעס, האָט דער אוילעם שוין ניט געהערט קאָרנילאָוון און האָט זיך גלייך אַ לאָז געטון צום אידישן שפּיטאָל, וואו ס׳האָט זיך געזאַלט אָנהייבן די לעוואיע. דערווייל איז קיין ענטפער אַף דער טעלעגראַמע, וואָס מע האָט געשיקט קלייגעלסן, נאָך אלץ ניט געווען, און קאָרנילאָוו איז געווען שטאַרק צעטראָגן.

# אנשטאָט אַ האקדאָמע

בעאייס מע וועט לייענען דעמדאָזיקן זאַמלבוך, קען זיך באקומען אין אַ געוויסער מאָס ניט קיין ריכטיקע פאָרשטעלונג וועגן כאראקטער פונם „בונד". די זיכרוינעס פון די אנטיילנעמער, די בילדער, וואָס זיינען פאַראַן אינם זאַמלבוך, מאָלן אונז דעם „בונד", ווי אַ רעוואָלוציאָנערע קאַמף-אָרגאניזאציע, אין דער צייט, ווען די ראָל פונם „בונד", ווי אַ רעאַקציאָנערע קליינבירגער-לעך-נאַציאָנאַליסטישע פאַרטיי, איז באדייטנד ווייניקער באוויזן.

דער „בונד" האָט דער ערשטער אופגעהויבן גרויסע שיכטן אידישע אר-בעטער צום קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. נאָך אין 1902-טן יאָר, בעשאס דעם אלגעמיינעם שטרייק אין ראָסטאָוו, איז אין באַרדיטשעוו פאָרגעקומען אַן אומלעגאלער מיטינג, וואו ס'האָבן זיך באטייליקט עטלעכע הונדערט אר-בעטער. די רעדעס פון די כ"כ אלטער דער קליינער און כאצקל — לעאָן קאַנטאָר (איצט אַ מיטגליד פון אל. ק. פ., — אַ פאָרשטייער אין קעניגסבערג) זיינען זיכער געווען רעוואָלוציאָנער אין דער מאָס, אין וועלכער זיי האָבן גערופן די אידישע ארבעטער צום קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. דערדאָזיקער מיטינג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ גאַסן-דעמאָנסטראַציע, און דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען די אידישע ארבעטער פון באַרדיטשעוו זיינען ארויס אַפן גאַס, קעדיי צו ווייזן זייער סאָלידארישקייט מיט די ארבעטער פונם ווייטן ראָסטאָוו. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען און אַזעלכע אַרויסטרעטונגען האָבן געזאָגט וועגן דער רעוואָלוציאָניזירנדיקער ראָלע פונם „בונד".

נאָר דער „בונד" האָט געאַרבעט צווישן ארבעטער פון די קליינע האנט-ווערקישע ווארשטאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער גרויסער ווירקונג פון דער קליינבירגערלעכער סוויווע, וואָס האָט זיי ארומגערינגלט. דער גרוי-סער דראנג צום „בונד" מיצאַד דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ האָט אויך ארופגעלייגט אַ באשטימטן שטעמפל אפן כאראקטער פונם „בונד".

דער „בונד" האָט געקעמפט מיטן רעאַקציאָנערן ציאָניזם. דעם געדאַנק צו באפרייען דאָס אידישע פאָלק מיטן וועג פון „יעציעס גאָלעס" קיין פאַ-לעסטינע האָט ער אַקעגנגעשטעלט דעם געדאַנק פון קעמפן פאַר דער ביר-גערלעכער, נאַציאָנאַלער גלייכבארעכטיקונג פון אידן אין רוסלאנד גופא.

קעמפנדיק מיטן ציאָניזם, שטרעבנדיק איבערציען אף זיין צאַד די קליינביר-גערלעכע אינטעליגענץ, האָט דער „בונד" געפּרואווט זיך צו באַווייזן, אַז ער פאַרטיידיקט בעסער פאַר די ציאָניסטן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון די אידישע ארבעטער, און אזוי ארום איז אויסגעוואקסן די בונדישע אידייע וועגן די באַזונדערע אינטערעסן פונם אידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס פארלאנגען אַ באזונדערע אָרגאַניזאַציע אף זיי צו פאַרטיידיקן. דידאָזיקע טעאָריע — פון אָנהייב ביזן סאָף אַ רעאַקציאָנערע — האָט געשטערט דעם אידישן ארבעטער-קלאַס צו ווערן אַ ווירקלעכער קאַמף-אָפּטייל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-באַוועגונג. דערין איז געווען די רעאַקציאָנערע ראָל פונם „בונד", און וואָס ווייטער די רעוואָלוציע האָט זיך אַנטוויקלט, אלץ בוילעטער איז געוואָרן דידאָזיקע רעאַקציאָנערע ראָל. אויב אין די יאָרן 5–1903 האָט דער „בונד" געוועקט די אידישע ארבעטער-מאסן, איז אין דער צייט פון דער רעאַקציע איז ער שוין געווען אַ טאָרמאז פאַרן ווייטערדיקן אנטוויקלען דעם קלאַסן-באַוואוסטזיין פון די אידישע ארבעטער, בלייבנדיק נאָך דער רעוואָלוציע פון 1917-טן יאָר אויסער דעם אלגעמיינעם באפרייאונג-קאַמף פונם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט פון רוסלאנד.

לייענענדיק דעם זאַמלבוך, קומט אַרוף אַ נאַטירלעכע פראגע: פאַרוואָס איז די באָלשעוויסטישע אָרגאַניזאַציע געווען אזוי אומבאַדייטנד אין באַרדיטשעוו? צווישן די באָלשעוויקעס, וואָס פלעגן קומען קיין באַרדיטשעוו, זיינען געווען גאַנץ אָנגעזעענע אַרבעטער. אַזוי, האָט אין 1903-טן געאַרבעט אין באַרדיטשעוו דער כ' ראָבערט-לוגאַנאָווסקי (איצט אַן אָנגעזעענער ווירטשאפטלעכער).

פאַרוואָס האָט די פּראָפּאַגאַנדע פונם „באָלשעוויזם" געהאַט אַזאַ קליינעם אָפּקלאַנג אין דער אידישער ארבעטער-סוויווע?

דאָס איז גאָר לייכט צו פארשטיין: די לאָזונגען פונם „בונד" וועגן די באַזונדערע אינטערעסן פון די אידישע ארבעטער, וואָס פאָדערן אַ באַזונדער פּאַרטיידיקונג, האָט די אידישע אַרבעטער-מאַסע, געפינענדיק זיך אונטער דער ווירקונג פון דער אַרומיקער קליינבירגערלעך-נאַציאָנאַליסטישער סוויווע, אופגענומען פונקט אזוי לייכט, ווי דאָס פויערטום פלעג אופנעמען אין 1905-טן יאָר די לאָזונגען פון די עסערן. און פונקט אַזוי ווי מיט די עסערן לעגאבע דעם פויער, איז די באָלשעוויקעס שווער געווען צו קאָנקורירן אויך מיט די בונדאָוצעס פאר אַ אידישער אַרבעטער-אוידיטאָריע, אַ קאָלשקיין פאר אן אוידיטאָריע פון איזיישער אינטעליגענץ. אויסערדעם, דאַרף מען נאָך האָבן אין זינען, אַז פונקט אַזוי ווי די עסערן אין 1905-טן יאָר האָבן אימפּאָנירט מיט זייערע קאַמף-אָטריאַדן און טעראָריסטישע אטענטאַטן, האָט דער „בונד" אימפּאָנירט מיט זיין בעפיירעשער רעוואָלוציאָנערקייט אינם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשונג. אָנטאָפּן אָבער, דעם רעאַקציאָנערן נאַציאָנאַליסטישן מעהוס פונם „בונד" איז פארן אידישן אַרבעטער פונם קליינעם וואַרשטאַט געווען



אַ גרופּע, וואָס האָט גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין די געשעענישן פון 1905 יאָר.
אַ טייל פון דער גרופּע געפינט זיך איצט אין די רייען פון דער קאָמפּאַרטיי.

בעשאס מאיסע האָט דער פּריסטאוו פעטוך געטון זיך זיינס: אַרום דעם שפּי-טאָל האָבן געגומען זיך פּראָוואָקאטאָריש אַרומדרייען רייטעריער-קאזאקן.

זיי האָבן אַלץ זיך געשעפּעט צום אוילעם, און דעם אנארכיסט פּאַניע (שפּעטער אופגעהאַנגען), וואָס האָט שטענדיק געטראָגן בא זיך באָמבעס, איז דעריבער ניט אזוי לייכט געווען אָפּצוהאלטן, ער זאָל ניט אַ וואָרף טון קיין באָמבע אינם קאזאַקן-טייל.

נאָר גראד צו דער צייט איז געקומען צו לויפן קאָרנילאָוו, וואָס האָט שוין געוואוסט קלייגעלסעס ענטפער קריזשיצקין, אוועקגעטריבן די קאזאקן (ער איז געווען אן אויסגעדינטער פאָלקאָווניק און האָט געטראָגן מיליטערישע קליידער) און געמאָלדן, אַז די לעוואיע קען רואיק פאָרקומען.

קאָרנילאָוס אנטייל אין אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָנסטראציע האָט גע-בראכט די מאַכט אין אַ גרויסער פארלעגנהייט, און דערמיט דערקלערט זיך אויך דאָס, וואָס מע האָט ניט פארפירט קיין געריכט-פראָצעס איבער די אַנטיילנעמער פון די אָקטיאבר-געשעענישן: מע האָט מורא געהאַט צו קאָמפּראָמעטירן אַ געהויבענעם נאָמען.

געענדיקט האָט קאָרנילאָוו זיין לעבן זייער נישטיק: ער האָט געפירט אַ כאַאָטישן ארט לעבן און איז פארזונקען אין כויוועס. און ניט זייענדיק אימשטאַנד צעצאָלן זיך ווי אַן „אָרנטלעכער אָפיצער", האָט ער זיך אליין דערשאָסן.

י. ניורנבערג

---

# 1905—1925

„אָן דער גענעראַל-רעפּעטיציע פון 1905-טן יאָר וואָלט דער ניצאָכן פון דער אָקטיאבער-רעוואָלוציע פון 1917 געווען אומעגלעך״. .

ו. לענין: „די קינדער-קראנקייט פון לינקייט אינם קאָמוניזם״

I

די רעוואָלוציע פון 1905-טן יאָר איז געווען אַ גוואַלדיקער אופּרייס פון מוירעדיקע ווידערשפּרוכן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין מעשעך פון דוירעס.

וואו נאָר, אין וואָס פאַר אַ לאַנד נאָר, איז דער אַרבעטער-קלאַס געווען אַזוי מוירעדיק אונטערגעדריקט, ווי אינם צאַרישן רוסלאַנד?

וואו נאָר, אין וואָס פאַר אַ לאַנד נאָר, האָבן פּריצים-פּאַראַזיטן אזוי אויסערגעוויינלעך געזויגן אַ פילמיליאָניק פויערטום?

וואו נאָר, אין וואָס פאַר אַ לאַנד נאָר, האָבן פילצאָליקע פעלקער געהאַט אויסצושטיין אַזאַ מאַטעריעלע רואינירונג און מאָראַלישע דערנידערונג, ווי אין דער צאַרישער פעלקער-טפיסע?

יאָ, די רעוואָלוציע פון 1905-טן יאָר איז געווען אַ גוואַלדיקער אופרייס פון מוירעדיקע ווידערשפּרוכן, וואָס האָבן זיך געזאַמלט און אָנגעזאַמלט אין מעשעך פון דוירעס!

וואו איז די מערקווירדיקע אייגנשאַפט פון רעוואָלוציאָנערע טקופעס, וואו איז זייער גוואַלדיקער באַטייט אינם לעבן פון די פעלקער?

„רעוואָלוציע״,—האָט געשריבן כ. לענין נאָך יולי 1905 אין דער האַקדאָמע צו זיינע אויסגעצייכנטע „צוויי טאַקטיקעס״,—„לערנט, אומצווייפלבאַר, מיט אַזאַ שנעלקייט, מיט אַזאַ גרונטלעכקייט, וועלכע זיינען אומעגלעך אין פריד-לעכע צייטן פון פּאָליטישער אַנטוויקלונג. און זי לערנט, וואָס ס'איז באזונ-דערס וויכטיק, ניט נאָר די פירער, נאָר אויך די מאַסן״.

אָט טאַקע—„ניט נאָר די פירער, נאָר אויך די מאַסן״!

בעעמעס. דעם 9-טן יאַנואַר, אָנהייב רעוואָלוציע, הייסט עס, גייען צוויי הונדערט טויזנט רוסישע אַרבעטער, פּעטערבורגער אַרבעטער, בעראָש מיט אַ גאַלעך צום „פאָטער״-קייסער.

צי דאַרף מען נאָך האָבן אַ בוילעטערן ביישפּיל פֿאַר גרויסער אומבאַ-וואוסטזיניקייט און טיפע דוירעסדיקע איבערגלויבנס?

זומער-צייט האָבן מיר שוין אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פלאָט.

בלויז עטלעכע כאַדאָשים נאָכדעם—ראַטן פון אַרבעטער-דעפּוטאטן און דעם העלדישן אופשטאנד אין מאָסקווע.

ס'ארא מעהאלעך פון יאנוואר ביז דעקאבר!

ס'ארא אופשטייג פון טאָל פון דערשלאָגנקייט און פאסיווקייט, אפן שפּיץ פון פּראָלעטאַרישן באוואוסטזיין און מוט!

יאָ, נאָר אַ רעוואָלוציע, און נאָר אַ גרויסע רעוואָלוציע איז אימשטאַנד געווען צו מיטברייינגען צו אזא מין אופשטייג!

דער גרויסער באטייט פון דער רעוואָלוציע פון 1905-טן יאָר איז דערין, וואָס זי האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די מאַסן זעלבסט, די מיליאָנען ארבעטער און פויערים, דורכצומאכן אַ גוואלדיקע דערפארונג. דאָס איז—קוי-דעמקאָל.

## II

דער אָנפירנדיקער אוואנגארד פונם ארבעטער-קלאס איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

וואָט-זשע האָט געגעבן די רעוואָלוציע אָט דערדאָזיקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי?.

אַ גרויסן היסטאָרישן אויספּרואוו פון איר טאקטיק, וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פונם כ' לענין—אָט וואָס ס'האָט געגעבן די רעוואָלוציע פונם 1905-טן יאָר דער קאָמוניסטישער פּארטיי.

נאָך אפן צווייטן צוזאמענפאָר פון דער פּארטיי (1903), בעשאסן באהאנד-לען די ראָלע פון דער ליבעראלער בורזשואזיע, זיינען אַנטשטאַנען גרינטלעכע כילוקע-דייעס, וואָס האָבן שפּעטער צעשפּאלטן די פּארטיי אף צווייען. דער דריטער צוזאמענפאָר פון דער פּארטיי (1905) אַרבעט אויס ענדגילטיק די באָלשעוויסטישע טאקטיק אין דער פאָרקומענדיק'ער רעוואָלוציע, די טאַקטיק, וואָס איז אויסגעדריקט אין לענינס קלאסישער פאָרמול: די דיקטאטור פונם ארבעטער-קלאס און פויערטום אין דער בורזשואז-דעמאָקראטישער רע-וואָלוציע.

„צי איז אימשטאנד דער ארבעטער-קלאס—האָט געשריבן דעם כ' לענין אין 1907-טן יאָר, (VIII-טער באנד)—דורכמאכן זעלבשטענדיק, ווי אן אָנפירנ-דיקע קראפט, די בורזשואזע רעוואָלוציע? צי זאָגט ניט דער געדאנק—בורזשואזע רעוואָלוציע, אז זי דורכמאכן איז אימשטאנד בלויז די בורזשואזיע?"

אזוי פלאָנטערן אָפּט די מענשעוויקעס, אַזוי מיינען אָבער הייסט כויזעק מאכן פונם מארקסיזם".

און בעעמעס, אין וואָס איז דער גרונט-פעלער פונם מענשעוויסטישן געדאנקען־גאנג?

דער גרונט-פעלער פונם מענשעוויסטישן געדאנקענגאנג איז טאקע געווען דערין, וואָס זיי האָבן ניט פארשטאנען יענע גרונט-האנאָכע, אז די טאקטיק אין דער רעוואָלוציע, ווי יעדע קאמף-טאקטיק, ווערט געבויט ניט לויטן איינמאָל איבער אלעמאָל פעסטגעשטעלטן מוסטער, נאָר אין העסקעם מיט די קאָנקרעטע קרעפטן-פארהעלטענישן.

מאכמעס א גאנצער ריי אנטוויקלונגס-באזונדערקייטן פון רוסלאנד האָט זיך די רוסישע בורזשואזיע איינג איבערגעפלאָכטן מיט דער גאנצער צארישער אָרדענונג; מאַכמעס דעם, וואָס איניקע פאָדערונגען פונם פראָלעטאריאט — דער אכט-שאָעדיקער ארבעט-טאָג, א שטייגער, א. ד. ג.—רירן אָן דירעקט די אינטערעסן פון דער בורזשואזיע, איז אן אומעגלעכע זאך, אז זי זאָל זיך ניט וואקלען אין דער זייט פונם צאריזם.

„אן אָנפירנדיקער קויעך"—האָט געשריבן לענין אינם דערמאָנטן ארטיקל פון 1907-טן יאָר—„קען זיין ניט די בורזשואזיע, נאָר דער ארבעטער-קלאס און דאָס פויערטום".

צי האָט ניט באשטעטיקט דער גאנצער גאנג פון דער רעוואָלוציע, באזונדערס נאָכן אָקטיאבער-מאניפעסט, די פולע ריכטיקייט פון לענינס טאקטיק? צי האָט די בורזשואזיע זיך ניט א וואָרף געטון אין די אָרעמס פונם קייסער, ווען די ארבעטער האָבן אָנגעהויבן איינפירן דעם אכט-שאָעדיקן ארבעט-טאָג?

טויזנט מאָל איז געווען גערעכט אונזער געניאלער לענין, ווען ער האָט געשריבן, „אז באַ אונז איז מעגלעך דער פולער ניצאָכן פון דער בורזשואז-דעמאָקראטישער באפרייאונג-באוועגונג נאָר קעגן דער פשאָרעסדיקער ליבעראלער בורזשואזיע".

צי האָט ניט באשטעטיקט די צווייטע רוסישע בורזשואז-דעמאָקראטישע רעוואָלוציע, די פעווראל-רעוואָלוציע פון 1917-טן, די פולע ריכטיקייט פון לענינס טאקטיק?

דעם גרויסן היסטאָרישן אויספרואוו פון דער באָלשעוויסטישער טאַקטיק, וואָס האָט געפונען אַ גלענצנדע פאַרקערפערונג אין דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע—אָט וואָס ס'האָט געגעבן די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

קאַמף-צענדליק פון בונד.



דער „בינרישער פארלאמענט”. — אַ פונקט, וואו ס׳פלעגן זיך צונויפקומען די אונטערערדישע טוער.

קעגן דעם אָנגריף פון די באלעבאטים. אַזוי, לעמאָשל, איז געווען בא די וואַל־קער אָנהייב 90־ער יאָרן.

די מאיסע איז, וואָס די באַלעבאטים האָבן דעמאָלט אָפּגעמאכט צווישן זיך, אַז איינער זאָל באַם צווייטן ניט צונעמען זיינע אַרבעטער, אַז אַ באלעבאָס זאָל אָננעמען אף דער אַרבעט אַן אַרבעטער נאָר דעמאָלט, ווען ער וועט בא זיך האָבן אַ מין אָפּלאָז־קוויטל פונם פריערדיקן באלעבאָס.

ווידער האָט אַ שטויס געטון די וואַלקער צו זעלבסט־אָרגאניזירונג די שטרייקברעכעריי, וואָס קומט אוף אין באַרדיטשעוו איינצייטיק מיטן ארבע־טער־קאַמף.

ניט קיין קליינע שטויס־ראָל האָט געשפילט אויך דער אַזויגערופענער „ציל״, וואָס די באלעבאטים האָבן אָפּגעשטעלט, א מין נאָרמע, וויפל יעדער אַרבעטער האָט געמוזט אויסאַרבעטן. פאַרשטייט זיך, אַז דערדאָזיקער „ציל״ איז געווען זייער א הויכער און פלעג באזונדער שווער אָנקומען די ווייניק־קוואַליפיצירטע אָדער סטאַם שוואַכערע אַרבעטער. איז אָט האָבן זיך די וואַלקער מעיאשעווו געווען און האָבן קעגן דעם באלעבאטישן „ציל״, און ביכלאַל קעגן דעם באלעבאטישן יאָך „אָרגאַניזירט אַן ארבעטער־„אכדעס״.

לעכאטכילע פלעגן די אַרבעטער ניט פאָדערן און דראָען, נאָר פלעגן אַזוי, צוליב מענטשלעכקייט, הייסט עס, א בעט טון באַם באלעבאָס א הויסאָפּעלע.

וואָס־זשע, מיינט איר, פלעג ער זיי זאָגן?

— „האַרט, קינדערלעך״ — פלעג ער זיי זאָגן — „יאָ, אימירצעשעם, דער מארק וועט זיך שטעלן, וועל איך אייך אויכעט מויסיף זיין״.

ס׳איז אָבער אַדורך א כוידעש, און צוויי, און דריי און דער מאַרק האָט זיך נאָך אלץ ניט „געשטעלט״.

האָט דאָס געדולד באַ די אַרבעטער געפּלאַצט און אין איניקע ווארשטאַטן האָבן אויסגעבראָכן סטיכייאישע שטרייקן. איניקע שטרייקן האָבן די אַרבעטער אַפּילע געהאַט אויסגעשפּילט. דערפאר אָבער האָבן די באלעבאטים נאָך שטיי־פער אָנגעצויגן די לייצעס, דראָענדיק דערביי מוידיע זיין אין פּאָליציי, אויב די שטרייקן וועלן זיך איבערכאזערן. פאַר פּאָליציי־זשע האָט מען דעמאָלט נאָך שטאַרק מוירע געהאַט, און די באוועגונג איז ווידער אזוי ווי פאַר־שוואונדן.

אַזוי האָט זיך געצויגן אַנערעך ביזן 1897־טן יאָר, ווען קיין באַרדיטשעוו האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די „ליטוואַקעס״, פון דער ליטע, הייסט עס, וואו די באוועגונג איז שוין געווען אין פולן גאנג.

אַזוי אַרום, דוכט אונז, אז דעם גאנצן פּאַס פון די 90־קער יאָרן ביזן 97־טן וואָלט מען געקענט באַצייכענען, ווי די פאָרגעשיכטע פון דער אַרבעטער־באוועגונג, ווי

# די גרונט-מאמענטן פון דער אַרבעטער-באוועגונג אין באַרדיטשעוו

לויט די זיכרוינעס פון די אנטיילנעמער, די כ. כ. כאַים-סראל רויזען (קוליש), דאוויד ליטינסקי (דאוויד וויזעלע), דאוויד קארבוט, ארן ליטווין (ארן דער געלער), מאטל רייך, אווראם מעשורעס (אווראם פליאם), שפיצגלאז, אבראמאוויטש, יאנקל ראיוויטש, גובערמאן, יאנקל ליטוואק, שלוימע מעשורעס, סקוראטאווסקי, כאים וואווק (כא״ם בילקע), מאקס קארלינסקי, שלוגלייט, הערשמאן און כ. יאכניס (פייסי).

מאַכמעס דעם, וואָס די גרונט-אופגאַבע פונם זאמלביכל איז — באווייזן דאָס 1905-טע יאָר אין באַרדיטשעוו, זיינען מיר געווען געצוואוגגען פון די אויבנאויסגערעכנטע, אַגעון, אינהאַלטרייכע זיכרוינעס אַרויסנעמען בלויז די גרונט-מאָמענטן פון דער היגער אַרבעטער-באוועגונג, די גרונט-מאָמענטן, וואָס אָן זיי וואָלט אונז געווען שווערער צו באַנעמען דעם עצעם פינפטן יאָר אין באַרדיטשעוו, די פּאַרטייאישע זייט פונם גרויסן מאַסן-קאַמף.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די אַלע מאַטעריאַלן, וואָס מיר האָבן ניט אויסגענוצט אינם דאָזיקן איבערבליק אונזערן, וועלן אויסגענוצט ווערן אין דער ווייטערדיקער אַרבעט פונם היגן היספּארט. די כ. כ. אנטיילנעמער, וואָס זיינען אונז, יונגע, געקומען צו הילף מיט זייער אָנגעזעטיקטן זיקאָרן — אונזער כאוועראשע דאַנקבאַרקייט.

מאַכמעס דעם, וואָס מיר האָבן צונויפגעשטעלט דעם איבערבליק אַפּן סמאַך בלויז פון „זיכרוינעס״ — צום באַדויערן האָט זיך אונז ניט איינגעגעבן באַצייטנס צו באַנוצן זיך מיט די רייכע אַרכיוון פון דער באַרדיטשעווער „אָכראַנקע״, וואָס געפינען זיך איצט אינם רעשוס פונם קיעווער היספּארט — האַלטן מיר פאַר אומפאַרמיידלעך קאָרעקטיוון, און ערנסטע קאָרקטיוון, אינם גאַנג פון אונזער ווייטערדיקער אויספאָרש-אַרבעט. דאָך געפינען מיר, אַז דעם ווערט פון „גרונט-צייכנס״ וועט אונזער איבערבליק ניט פאַרלירן.

לעסאָף, אָט וואָס פאַר א אָ ר י ע נ ט י ר - ה אַ ש אָ ר ע ס בענויגייע דער גאַנצער פאַרגאנגענהייט פון דער ארבעטער-באוועגונג אין באַרדיטשעוו.

דעהאַינע: בא היינטיקן טאָג באַטייליקן זיך די בעסערע עלעמענטן פונם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט, אָדער ווי מיטגלידער פון אונזער פאַרטיי, אָדער אונטער איר דירעקטער אָנפירונג, אין דער גרויסער סאָציאַליסטישער בוויאונג. בא היינטיקן טאָג איז שוין קיין זייכער ניט פאַרבליבן פון די פארשיידענע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אַנדערש איז געווען אין יענער צייט, וואָס וועגן איר רעדט זיך אין אונזער איבערבליק. דעמאָלט האָט „די מאַכט אין באַרדיטשעוו", לויטן אויסדרוק פון די כ. כ., געהערט ניט דעם „באַל-שעוויזם", נאָר דעם „בונדיזם", ניט דעם ריינעם קלאַסן-געדאַנק, נאָר דעם נאַציאָנאַליסטישן אָפּנויג אין דער אַרבעטער-באַוועגונג. מיר האַלטן אָבער, אַז אַזאַ מיינונג וואָלט געווען ניט נאָר אַ טעאָרעטישער פעלער, נאָר פּאָשעט א סימען-אַמאַראַצעס, מ'זכמעס די באַשולדיקונגען אין נאציאָנאַליסטישע זינד בענויגייע דער אָנפירנדיקער בונדישער אינטעליגענץ איגנאָרירן דעם ליידנשאַפטלעכן קאַמף פון די בונדישע מאַסן, דעם קאַמף, וואָס באַוואוּנ-דערט יעדערן מיט אָט דעם שטייגנדיקן דראַנג און מעדקווירדיקער אָרגאַ-ניזירטקייט.

דער קאַמף פון די מאַסן, פון די עמעסע אַרבעט-מאַסן פאַרדינט שטענדיק אונזער שאַרפסטע אויפמערק-זאַמקייט, און מיר דריקן אויס אונזער זיכערקייט, אַז דעם באַרדיטשעווער היספּאַרט וועט זיך סאָפּקאָלסאָף איינגעבן ווידער אופשטעלן פאַר אונזער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, פאַר דער יוגנט פונם סאַמע פרייסטן לאַנד אין דער וועלט, זי הערלעכע געשיכטע פון די העראָישע אָנשטריינגונגען פון אַ גרויסער מאַסע, וואָס האט געצאַפּלט אין די פיינלעכע קלעמען פון אַ צווייפאַכן דרוק. אינם גרויסן קאַמף-בוך פונם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאַט האָט באַרדיטשעוו אַריינגעשריבן אַן אָנגעוועטיקט בלעטל, וואָס מוז און וועט פאַרצייכנט ווערן.

אָט זיינען די גרונט-צייכנס פונם דאָזיקן בלעטל.

## I. די פאָרגעשיכטע

ערעוו דער אַרבעטער-באַוועגונג אין באַרדיטשעוו האָבן מיר פאַרשיידענע האַנטווערקער-כעווורעס: א שניידערשע, אַ שוסטערשע, א טרעגערשע, א מו-לערשע, א האָלצזעגערשע א. א. וו. דידאָזיקע כעווורעס טראָגן קימאַט אַלע אַ העברעאישן נאָמען „אהבת רעים" (פריינט-ליבע). איניקע כעווורעס פאַריייניקן העין אַרבעטער, העין באַלעבאַטים-האַנטווערקער; אייניקע — בלויז אַרבעטער. ווען די אינדוסטריע האָט גענומען וואַקסן און ס'האָט גענומען וואַקסן דער טהאָם צווישן דעם האַנטווערקער און אַרבעטער, זעען מיר, ווי ס'אַנטשטייען שוין ריינע אַרבעטער-כעווורעס, וואָס זייער צוועק איז צו פאַרטיידיקן די אַרבעטער

„רעוואָלוציע״—האָט געשריבן כ׳ לענין אין זיינע „צוויי טאַקטיקעס״—„איז אַ יאָנטעוו פאַר די אונטערגעדריקטע און עקספּלואטירטע״.

און בעעמעס, וואו איז נאָך דאָ אזויפיל גראַנדיעזע געשעענישן, שוידערנ-דיקע מאָמענטן, קאָלעקטיווער מוט, צופלוסן אין אָפּפלוסן, מעכטיקע שפּיל פון קלאַסן-קרעפטן, פּאָליטישע פּאַרטייען, אידעאָלאָגיעס און טעמפּעראַמענטן—וואו איז נאָך דאָ אַזאַ ריזיקער קרעפטן-געראַנגל, ווי אין אַ רעוואָלוציאָנערן שטורעם? צי דען נייטיקט זיך ניט אונזער סאָציאַליסטישע בויאונג, אונזערע ריזיקע שוועריקייטן — מיר זיינען דאָך ערשט באַם אָנהייב פונם גרויסן וועג, דער וועלט-שלאַכט שטייט דאָך ערשט פאָר! — צי דען נייטיקן זיך ניט מיר, קעמפער, מיר, בויער, אין דער דערפאַרונג פון אַלע רעוואָלוציעס, אינם מוט פון די אומגעקומענע דוירעס?

און איז דען די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע ניט איינער פון די גרעסטע אויצרעס פון אָט אַזאַ מין דערפאַרונג, פון אָט אַזאַ מין מוט?

אַלזאָ, אַ גרויסע דערפאַרונג פאר מיליאָניקע מאסן.

אַ גרויסע דערפארונג פאַר דער קאָמוניסטישער פארטיי.

אַ ריזיקער אויצער פון קאַמף און מוט. —

אָט וואָס איז פאר אונז, פארן גאנצן אלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאט דאָס גרויסע 1905-טע יאָר.

אין 1905-טן יאָר האָט אַ דין שיכטל פונם רוסלענדישן פּראָלעטאַריאט דערגרייכט די שפּיצן פון אַ באוואָפנטן אופשטאנד, אין זער צייט, ווען די גאנצע איבעריקע מאסע האָט געטון אויסברייננגען אירע קויכעס אין סטיכיי-אישע געראנגלען; —

אין 1925-טן יאָר — שפּאַנט אונזער אַרבעטער-קלאס אפן ברייטן סאָציא-ליסטישן שליאַך.

אין דער ערשטער רעוואָלוציע פון 1905-טן יאָר הייבט אָן דאָס פויערטום צו פּאַנאַנדערוויקלען זיינע קרעפטן, נאָך דעם, ווי דער ארבעטער-קלאַס איז שוין צעקלאַפּט; —

אין 1925-טן יאָר גייען אַלע אַרבעטנדיקע, אָנגעפירט פונם פּראָלעטאַריאט, געשלאָסן פאָרויס!

אין 1905-טן יאָר איז די פויערשע ארמיי נאָך אַ בלינד געווער אין די הענט פונם צאַריזם; —

אין 1925-טן יאָר שטייט פעסט די ארבעטער-פויערישע ארמיי אף דער וואך פון די ארבעטער-פויערישע אינטערעסן!

אין 1905-טן יאָר איז די פּאַרטיי פונם רוסלענדישן ארבעטער-קלאס צע-ברעקלט אַף צוויי טיילן, וואָס ביידע זיי האָט איבערגעשטייגט די רעוואָלו-ציאָנערע סטיכיע; —

אין 1925-טן יאָר גייט בעראָש פונם ארבעטער-קלאס און פויערטום אַן איינהייטלעכע, אַ מעכטיקע באָלשעוויסטישע פּאַרטיי, אין דער צייט, ווען די נישטיקע שיראַים פון די מענשעוויקעס שלעפן זיך דאָרט ערגעץ ארום אין די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע לענדער.

אין 1905-טן יאָר האָבן די רוסישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן מיט דער הילף פון דער אויסלענדישער בורזשואזיע דערשטיקט די רוסישע רעוואָלוציע;—

אין 1925-טן יאָר שטייען אויף די ארבעטער פון מאירעוו און די פעלקער פון מיזרעך, שטיצנדיק זיך אף אונזער הילף, קעגן זייערע אייגענע אונ-טערדריקער.

אין 1905-טן יאָר — אַ שווערע מאפּאָלע; —

אין 1925-טן יאָר — אַ זיכערער, זיגרייכער גאנג פאָרויס!

כאַוויירים, ארבעטער! אינם צוואנציקסטן יאָרטאָג פון דער ערשטער רו-סישער רעוואָלוציע — איינגער די רייען ארום אונזער אלעמענס קאָמוניסטי-שער פּאַרטיי!

אַרום דער פּאַרטיי פון ניצאָכן!

אַרום לענינס פּאַרטיי!

די ערשטע פּרוּווּן מיצד דער מאסע אליין אָן וועל-כער ס'איז הילף מין הצאַד, א שטייגער פון דער אינ-טעליגענץ, פאַרטיידיקן זיך עקאָנאָמיש.

## II. באם וויגעלע פון מאסן־קאַמף

אַלזאָ, אין 1897-טן יאָר הייבן אָן אָנצוקומען קיין באַרדיטשעוו די ליט-וואַקעס. פון דידאָזיקע כאַווײרים איז נייטיק באַזונדערס דערמאָנען דעם כ. נאַכקע, וואָס האָט דאָ געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל, און וואָס איז דערמאָנען נאָך אדאיעם די אַלטע אַרבעטער מיט א באַזונדער ליבע. ווידער, די כ. כ. יודע און באָריסקע, וואָס האָבן איינציייטיק מיט נאכקען און עטוואָס שפּעטער פאַר אים געאַרבעט אין באַרדיטשעוו.

די ערשטע, וואָס האָבן אָנגעהויבן דעם מאַסן-קאַמף אין באַרדיטשעוו, זיינען געווען די וואַלקער. דאָ האָט אין 1897-טן אויסגעבראָכן אַן אַלגעמיינער שטרייק. פונדאַנען איז אוועק די באַוועגונג אויך אין די איבעריקע פאַכן.

אַף וויפל דער באָדן איז אינאַלגעמיין געווען שוין גרייט פאַר א קלאַסנ-קאַמף, ווייזט דער שטרייק בא די שניידער, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין 1898-טן יאָר.

„ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער שטרייק" — זאָגט כ' מאָטל רייך, דער פירער פונם דאָזיקן שטרייק — „האָבן מיר גאָרנישט געוואוסט דערפון, וואָס עס טוט זיך בא די וואַלקער. דאָסזעלבע די וואַלקער בענויגייע צו אונז. ערשט נאָך דעם, ווי דער שטרייק האָט שוין אויסגעבראָכן, און מע האָט אונז געזעצט אין טפיסע — האָבן זיך די וואַלקערס דערוואוסט און האָבן געשיקט זייערן א מענטשן, אַ „שלעגער" — כאים-סראָל-קולישן — באַפרייען אונז פון טפיסע".

אַלזאָ, שוין אין 1897-טן יאָר האָבן מיר א מאַסן-שטרייק באַ די וואַל-קער. נאָר ס'איז גענוג געווען דער ערשטער פּרוּוו, און צו דערצו נאָך א געלונגענער, אַז די סטיכיע זאָל זיך א לאָז טון אַפן דאָזיקן שטרייק-וועג.

מאַכמעס דעם מינעג באַ די באלעבאטים דינגען אַרבעטער צוויי מאָל אין יאָר, פאַרן סעזאָן, הייסט עס, — כויל-האַמויעד פּייסעך און כויל-האַמויעד סוקעס — האָבן אַלגעמיינע שטרייקן בא די וואַלקער געמומען אויסברעכן יעדן האַלבן יאָר. די קליינע גרופּע פון עטלעכע מענטשן, וואָס האָט לעכאַטכילע געהאַט אָנגעפירט מיטן קאַמף, וואַקסט זיך פאנאנדער מיט דער צייט, און צום 1900-טן יאָר האָבן מיר שוין אינם וואַלקער-פאַך א גרופּע פון ניינצן אקטי-וויסטן, „די ניינצן", ווי מע האָט זיי דעמאָלט גערופן, דעהאַיינע: 1) נאַכקע, 2) דאוויד קאַרבוט, 3) דאָוויד ליטינסקי (דאָוויד ווידזעלע), 4) כ. ס. קוליש, 5) נאַכמען, 6) לייב עליס, 7) אָשער מאַפּעלע, 8) רואין דער פּוילער,

## III. באם וויגעלע פון „בונד“

אַ באַדייטנדיקע ראָל באם פאָרמירן די היגע ארבעטער-באוועגונג האָבן געשפּילט די ליטוואקעס. פונדאָרטן זיינען עס אָנגעקומען אין די ניינציקער יאָרן נאַכקע, יודע און באָריסקע, וואָס אונטער זייער אָנפירונג זיינען דורכ-געגאנגען די ערשטע שטרייקן בײַ די וואַלקער, פונדאָרטן זיינען עס אויך אָנגעקומען אין די יאָרן 1—1900 דיביידע אלטערס — אלטער דער קליינער, (אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, כ. בענצי לעווין, איצט אין מינסק), און אלטער דער לאַנגער (אבראמאָוויטש פון דווינסק, לויט דער אָנווייזונג פונם כ. שלוגלייט). דידאָזיקע צוויי כאוויירים, וויכטיקע בונדישע טוער, האָבן דאָ געשפּילט אַ גרויסע ראָל בא די ערשטע טריט פונם „בונד“. באַדייטנד איז אין דעם פראַט אויך די ראָל פונם כ. שלאָסבערג (סאָלאָמאָן)—איצט אַ מיט-גליד פון דער קאָמ. פאַרטיי,— וואָס אים דערמאנען אלע עלטערע כאוויירים מיט גאָר אַ באַזונדערן געפיל...

מע טאָר אָבער ניט מיינען, אַז בלויז אַדאַנק אָט דידאָזיקע אָנגעקומענע כאוויירים, אַז בלויז אַדאַנק דער אויסערלעכער האַשפּאָע, הייסט עס, איז אין באַרדיטשעוו אנטשטאַנען דער „בונד“. אזא מין פאָרשטעלונג וואָלט אין גרונט ווידערשפּראָכן די באַדינגונגען פון אַ שטאָט, וואו דער פראָלעטאריאַט איז אין זיין מערהייט ניט נאָר אַ אידישער, נאָר אויך אַ קליין-אינדוסטריעלער. די נאציאָ-נאַלע אונטערגעדריקטקייט און דער קליין-אינדוסטריעלער כאראקטער, ביכלאל דער גאנצער סכום אייגנטימלעכקייטן פונם אידישן פראָלעטאַריאַט אינם טכום — אָט וואָס סע האָט געבאָרן און האָט ניט געקענט ניט געבאָרן די נאציאָנאַלע אָרגאניזאציע פונם „בונד“.

די געשיכטע, ווי אזוי אין באַרדיטשעוו איז אופגעקומען די „איסקרא“, די אָפּאָזיציע אינם „בונד“ גופע, זאָגן איידעס דערוף, אַז דער רעוואָלוציאָנערער קלאסן-אינסטינקט פון די מאסן האָט געצויגן אין אַן אנדער אינטערנאַ-ציאָנאַליסטישער ריכטונג.

## IV. די „איסקרא“ אין באַרדיטשעוו

„נאָך איידער באַ אונז איז אופגעקומען די „איסקרא“ (1903) — דערציילט אין זיינע זיכרוינעס דער כ' שלוימע מעשורעס, איינער פון די אקטיווסטע בונדישע מאַסאָוויקעס — „פלעגן מיר אָפט פרעגן אונזערע פירער, וואו זיינען די רוסישע אַרבעטער, פאַרוואָס זעט מען זיי ניט אַף דער „בירזשע“? איז וואָס-זשע פלעגן אונז ענטפערן אונזערע פירער? — „וואַרט, — פלעגן זיי אונז ענטפערן — נאָך אַביסל, און אויך דער רוסישער אַרבעטער וועט אופוואַכן צום קאַמף“.

„דערדאָזיקער טערעץ אָבער פלעג אונז ווייניק וואָס באַפרידיקן, מאַכמעס מיר פלעגן דעם „בונד“ באַנעמען ניט ווי אַ אידישע פּאַרטיי, נאָר ביכלאַל ווי אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע. וואָס אָרגאַניזירט אַלע אַרבעטער צום קלאַסנקאַמף. און, אַפּאָנעם, אַז פּונקט אַזוי פלעג באַנעמען דעם „בונד“ אויך דער רוסישער שוסטער סעמיאָן, וואָס פלעג מיט אַ באַזונדערן שטאָלץ זאָגן „מיר, בונדאָווצעס“, „מיר, אַרבעטער-בונדאָווצעס“ א. א. וו. דער כ׳ סעמיאָן האָט געקענט גוט אידיש, און פלעג דעם צוגאָב „אידישער“ אַזוי ווי בעקיוון אויסמיידן“.

אַזעלכע קאַשעס, פאַרוואָס זעט מען ניט קיין רוסישע אַרבעטער אַף דער „בירזשע“, פלעגן שטעלן אויך אַנדערע אידישע אַרבעטער, וואָס זיינען אין „בונד“ נאָך ניט געווען, וואָס האָבן געדאַרפט ערשט זיך זעלבסטבאשטימען, הייסט עס. אַזוי, לעמאָשל, דערציילט אויך כ׳ סקוראטאָווסקי — אַן אַרבעטער אַן „איסקראָוועץ“ — אַז אים האָט דער פאַקט, וואָס אינם „בונד“ זיינען פאַראַנען בלויז אידישע אַרבעטער, געצוואונגען אויסוואַרטן ביז וואַנען אין באַרדיטשעוו וועט אנטשטיין אַן איינהייטלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע. דערביי האָט אים פאַר אַן אַרגומענט אין די דיסקוסיעס מיט די „בונדאָווצעס“ געדינט יענער בעלי-שום-סאָפעק ריכטיקער געדאַנק, אַז דער אידישער אַרבעטער וועט אַליין, אָן דעם רוסישן פּראָלעטאריאט, ווי ער זאָל ניט זיין קאַמף-פייאיק, ניט דורכמאַכן די רעוואָלוציע.

נאָכן אַרויסגיין פונם „בונד“ פון דער ר. ס. ד. א. פּ. איז אין דער אָרגאַ-זאַציע אַנטשטאַנען אַפּילע אַ מין אַרבעטער-אָפּאָזיציע. בעראָש מיט די כ׳כ טאָדי יאוועלירער, איציק שאָרניק, שלוימע שאָרניק און קאָליע בעקערמאַן קעגן דער האַנדלונג פונם קאָמיטעט. אָן וויסן פון קאָמיטעט איז אַפּן טייך פאַרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון אַ מענטשן צוויי הונדערט, וואו די כאַווירים האָבן שאַרף קריטיקירט די האַנדלונג פון די פירער, וואָס האָבן געריסן די איינהייט פון דער קאַמף-פּאַרטיי. דערנאָך האָט מען אָנגענומען אַן אַנטשפּרעכנדיקע רעזאָ-לוציע—צום באַדויערן האָט זיך אונז דערוויל נאָך ניט איינגעגעבן פעסטשטעלן דעם פּינקטלעכן אינהאַלט פון דער רעזאָלוציע — און מע האָט באַפולמעכטיקט די 4 כאַווירים, זיי זאָלן איבעריידן מיטן קאָמיטעט מעקויעך דעם גאַנצן איניען.

עס האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבן דער ריכטיקער געזונטער קלאַסן-ליניע זיך דורכשלאָגן אַ וועג, מאַכמעס דער קאָמיטעט האָט מיט דער הילף פון פאַר-שיידענע מיטלען, איינגעשלאָסן דעם אויסשלוס פון פּאַרטיי, גיך ליקווידירט די אָפּאָזיציע. דער פאַקט אָבער, וואָס די נאַציאָנאַליסטישע האַנדלונג פון די פירער האָט אַרויסגערופן אַן אָפּאָזיציע פונונטן—איז, פאַרשטייט זיך, אַ וויכטיקער פאַקט.

אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר צו דער צייט זיינען שוין באשטימטע פאָרהאַ-נאָכעס פאַר אַן „איסקרישער“ גרופּע אין באַרדיטשעוו געווען. ס׳איז שוין געווען אַ גרופּע פון עטלעכע מענטשן, איינגעשלאָסן דער כ׳ ראָבערט, וואָס

איז אַהער געקומען, לויט דער אָנווייזונג פון די כ״כ, ווי אַ פאָרשטייער פונם דאָרעמדיקן ס. ד. קאָמיטעט. און ווען קיין באַרדיטשעוו האָט זיך אומגעקערט פון ווין דער כ׳ הערשמאַן—אין באַרדיטשעוו איז ער געווען אַ בונדיסט, אין ווין געוואָרן אַ איסקראָוועץ: אָפּפאָרנדיק פון ווין, האָט ער דאָרטן אָפּגעמאכט מיטן פאָרשטייער פון דער אויסלענדישער „איסקרא״ כ׳ ווערגמאַן צו שאפן אַן „איסקרא״-גרופּע אין באַרדיטשעוו — אלזאָ, ווען קיין באַרדיטשעוו האָט זיך זומער 1903 אומגעקערט דער כ׳ הערשמאַן מיט א באַשטימטן פאָרשלאַג פון אויסלאַנד, איז גלייך פּראָקלאַמירט געוואָרן די „באַרדיטשעווער אָרגאַניזאַציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ.״.

מאכמעס דער קליינער צאָל, און אויך צוליב די גרויסע שוועריקייטן אַריינצודרינגען אַף די גרויסע אונטערנעמונגען — די גרופּע איז לעכאַטכילע באַשטאַנען בלויז פון אידן, און דאָס האָט זייער פאַרשווערט דעם צוטריט אין די זאַוואָדן — איז די „איסקרא״ ניט אימשטאַנד געווען צו פאַנאַנדערוויקלען קיין ברייטע און אָרגאַניזאַציאָנעל-פעסטע אַרבעט. ווען אַן אויסגעשפּראָכענער זעלבסטבאַשטימונג אין די פראַגן, וואָס האָבן דעמאָלט געשפּאַלטן די פּאַרטיי, איז אויך ניט שאַיעך צו ריידן.

„קיין קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן די כילוקע-דייעס צווישןביידע פראַקציעס האָבן מיר, די אינטעליגענטן, ניט געהאַט. וועגן אונזערע אַרבעטער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. די עצעם שפּאַלטונג האָט אונז איינפאַך אָפּגעשראָקן. ביפראַט נאָך, אַז מיר האָבן געהאַט קעגן זיך אַזאַ שטאַרקן „בונד״.

„אינאַלגעמיין זיינען מיר מיט רוסלאַנד ניט געווען פאַרבונדן. ערשט אין 1905-טן יאָר האָבן מיר זיך פאַרבונדן מיט קיעוו. ביז דאַן איז מען געווען פאַרבונדן מיט אויסלאַנד דורכן כ׳ ווערגמאַן, און אַלץ, וואָס מע פלעג פון-דאָרטן באַקומען, איז באַ אַלעמען פון אונז געווען טייער״, — דערציילט וועגן יענער צייט דער כ׳ הערשמאַן.

„אין 1905-טן יאָר״—דערציילט אין זיינע זיכרוינעס כ׳ שלוגלייט, וואָס איז דעמאָלט געווען, ווי מיר האָבן אויבן שוין דערמאָנט, אַן אַגענט פון צ.ק. פון די באָלשעוויקעס, אינאַלגעמיין זייער אַן אַקטיווער פּראָפעסיאָנאַל—„האָב איך, זייענדיק אין קיעוו, פאַרבונדן אונזער „איסקרא״ מיטן דאָרעם-קאָמיטעט פון די באָלשעוויקעס. שפּעטער האָט א צווייטער כאַווער, וואָס האָט צייטווייליק פאַרבראַכט אין קיעוו, פאַרבונדן אונזער גרופּע מיט די קיעווער מענשעוויקעס. איז באַרדיטשעווער „איסקרא״ איינציטיק, הייסט עס, געווען פאַרבונדן אי מיט די באָלשעוויקעס, אי מיט די מענשעוויקעס...״

אין 1905-טן יאָר האָט די גרופּע אופגעלעבט און אָנגעהויבן אַריינדרינגען אויך אַף די זאַוואָדן. אַפן „פּראָגרעס״, לעמאָשל, איז געווען אַ היפּשע גרופּע. אַ ריי שטרייקן איז אַדורך אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון דער „איסקרא״. עס זיינען געווען עטלעכע קרייזן. די איסקרא האָט געהאַט אַ דרוקעריי, וואו מע

פלעג דרוקן פאַרשיידענע בלעטלעך. אינאלגעמיין: דער געוויכט פון איסקרא איז געווען גרעסער פון איר פאַקטישער צאָל. צום „פראָגרעס״, צו שליינקערס לעדער-זאַוואָד א. ד. ג. גרויסע ניט-אידישע אונטערנעמונגען, האָט מען געקענט רעדן אין נאָמען פון דער ס. ד. אַרבעטער-פארטיי און ניט פונם „בונד״. דאָס גלייכן צום מיליטער.

אינם פאַרגלייך מיטן „בונד״ איז די „איסקרא״ געווען קליין. ס׳איז אָבער אַ טאָעס צו מיינען, אז דידאָזיקע גרופע האָט אהער פארטראָגן דער כ. ראָבערט. מיר האָבן אויבן געזען, ווי אזוי אין דער אידישער ארבעטערשאפט זעלבסט איז שוין געווען א באשטימטער באָדן פאר אן אינטערנאציאָנאלער אָרגאניזאציע.

פונקט אַזוי, ווי ס׳איז געווען אומפארמיידלעך און נאטירלעך דער אנט-שטיין פונם „בונד״, פונקט אזוי איז געווען אומפארמיידלעך און נאטירלעך דער אָנוואוקס פון באשטימטע „איסקרישע״ שטרעמונגען אין דער אידישער ארבעטערשאפט. אָבער פונקט אַזוי, ווי מע טאָר ניט צונויפמישן דעם מאַסן-קאמף מיטן „בונדיזם״, פונקט אַזוי דאַרף מען נעמען אין אַכט: ערשטנס,—די ניט-גענוגנדע פראקציאָנערע דיפערענצירטקייט אין יענע יאָרן און, צווייטנס, דעם פאַקט, וואָס יענע אידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעהאלטן פון אַריינטריט אין „בונד״ מאַכמעס זיין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, האָבן, אַריינ-טרעטנדיק אין דער „איסקרא״, ווי אין אן איינהייטלעך-פּראָלעטאַרישער אָרגאַ-ניזאציע, ניט שטענדיק, מאכמעס פארשטענדלעכע סיבעס, ארויסגעוויזן אַן ענלעכע אָריענטיר-קראַפט אין די אַלגעמיינע פּאָליטיש-טאַקטישע מאַכלויקעסן. די כארדיטשעווער „איסקרא״ איז געווען פאהבונדן, ווי מיר האָבן עס שוין אויבן געזען, העז מיטן באָלשעוויסטישן דאָרעם-קאָמיטעט, העז מיטן מענשע-וויסטישן. אין דער באַרדיטשעווער „איסקרא״ איז געווען איין אידעאָלאָגיש-אויסגעשפּראָכענער באָלשעוויק—דער כ׳ שלוגלייט—און מענשעוויסטיש-גע-שטימטע כאַווײרים.

„מיר זיינען ניט געווען ניט דאָס, און ניט יענץ, ווייל מיר האָבן מוירע געהאט פאַר יעטווידער ברעקלונג פון אונזערע קליינע קויכעס״,—זאָגט וועגן דער דעמאָלטיקער לאַגע דער כ׳ הערשמאַן, איינער פון די גרינדער פון דער באַרדיטשעווער „איסקרא״. וואָס ס׳איז שאַיעך די עצעם אַרבעטער, מיטגלידער און מיטפילער פון דער „איסקרא״, איז דאָ די פּאָרשטעלונג וועגן דעם גרויסן פרינציפּיעלן שטרייט גאָר געווען אַ נעפּלהאַפּטע. אונז דוכט, אז דערדאָזיקער פאַקט מאַכט ניט צונישט די אינטערנאַציאָנאליסטישע אויסגעהאַלטנקייט פון דידאָזיקע כאַווײרים.

באם אַנטשטיין האָבן מיר אין דער „איסקרא״ בלויז אידישע מיטגלידער. אין 1905-טן יאָר—שוין אויך רוסישע אַרבעטער, דעריקער פונם „פראָגרעס״—אַ מעטאַל-אונטערנעמונג—די אַקטיווסטע צווישן זיי—די כ״כ קאזאטשאָק און לוקאָוו,ביידע איצט אין דער קאָמ. פּאַרטיי.

## V. אַפן שוועל פון 1905־טן יאָר

אויבן האָבן מיר שוין דערמאַנט וועגן דעם, ווי אַזוי די שטרייק-באַוועגונג, אָנגעהויבן פון 1900-טן יאָר, הייבט אָן צו פאַרכאַפּן אַלץ נייע און נייע שיכטן. דאָרטן האָבן מיר אויך דערמאַנט וועגן דעם, ווי אַזוי די מאַסע זעלבסט, מאכמעס די באַזונדערע אַרבעט-טנאָים, באַשאַפט פאַר זיך אייגנאַרטיקע עקאָ-נאָמישע אָרגאַניזאַציעס: די „שיסל" באַ די וואַלקער, די „כעוורע" באַ די בויער. די הויפּט-פאָרם, אין וועלכער עס גיסט זיך אויס דער מאַסן-קאַמף, איז די שטרייק-באַוועגונג.

עס האָט זיך נאָך ניט געענדיקט דער שטרייק אין איין וואַרשטאַט, אין אַ ריי וואַרשטאַטן, אין איין פאַך—ווי ס'שטרייקט שוין א צווייטער ווארשטאט, א צווייטע ריי ווארשטאטן, אן אנדער פאַך; שטרייקן איינצלנע און שטרייקן פאכאָווע; שטרייקן פאכאָווע און שטרייקן אַלגעמיינע; שטרייקן סטיכייאישע און שטרייקן, וואָס באַוואונדערן מיט זייער אָרגאַניזירטקייט; שטרייקן איין-צוויי-דריי-טאָגעדיקע און שטרייקן — צווייכאדאָשימדיקע; אומדערפּאָלג באַם אָנהייב שטרייק-געשיכטע און — דערפּאָלגרייכער אויסגאַנג—שפּעטער. אַ האַסטיקע און אַ רואיקע, אָבער קימאַט אָן דויערנדיקע האַפּסאָקעס, — אָט אַזאַ איז זי די שטרייק-כוואַליע באַם באַרדיטשעווער אידישן פּראָלעטאַריאַט.

אין 3—1902-טן יאָר זיינען אַלע צעכן אָרגאַניזירט. אומעטום זיינען שוין פאַראַן די עקאָנאָמישע קאָמיסיעס, וואָס פירן אָן מיטן דאָזיקן שטורייקן-קאַמף, וואַלקער און שוסטער, שניידער און ביינקלמאַכער, בויער, אָנגעשטעלטע, דינסט-מיידלעך א. א. וו. פירן שוין אַ פּיבערדיקן קאַמף. עקאָנאָמישע קאָמיסיע און פּאָליטישע קאָמיסיע, צענטראַלע סכאָדקע און קאָמיטעט פונם „בונד"— אָט דאָס איז זי די אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט אָן לויט אַלע קלאָלים פון צענ-טראַליזירט-קאָנספּיראַטיווער אַרבעט מיטן גרויסן קאַמף.

איינער פון די וויכטיקסטע שטריכן פונם דאָזיקן פּעריאָד איז, וואָס די עקאָנאָמישע באַוועגונג ווערט אַלץ מער און מער דורכגעדרונגען מיט פּאָלי-טישע מאָטיוון.

אין 1901-טן יאָר פייערן די באַרדיטשעווער אַרבעטער דאָס ערשטע מאָל אַף אַ מאַסן-אויפן דעם ערשטן מאַי.

פון דער צייט הייבן אָן די מאַסאָווקעס אין וואַלד, אַפן טייך אוכעדוימע מעקוימעס צו ווערן אַן אַלץ אָפטערע דערשיינונג.

דער טאָג פון דער פּאַריזשער קאָמונע, דער ערשטער מאַי, „סאָפיע פּע-ראָווסקע" א. ד. ג. גייען דורך מיט גרויס ענטוזיאַזם באַם אָנטייל פון הונדער-טער מענטשן. פאַרן קולמינאַציע-פּונקט, פאַרן העכסטן פּונקט פונם דאָזיקן פּאַרעוואָלוציאָנערן פּעריאָד קען מען רעכענען די מאַי-דעמאָנסטראַציע אין מיטן העלן טאָג און אַף די צענטראַלע גאַסן פון באַרדיטשעוו.

דער אַלגעמיינער דאָרעם-שטרייק פון 1903-טן יאָר — אָט די רעפּעטיציע פונם גרויסן אָקטיאַבר-שטרייק; דער אָנוואוקס פון די קלאסן-קאָנפליקטן איבערן גאנצן לאַנד; דער קישענעווער פּאָגראָם, ווי אַ באַווייז דערצו, אז עס רייפט אין לאַנד אַ שטורעם, וועלכן די צאַרישע מאַכט האָט בעדייע איינ-שטילן מיטן אויסגעפּרואווטן מיטל פון פּאָגראָמען, — די גאַנצע לאַגע זאָגט איידעס דערוף, אַז ס'דערנענטערט זיך אַ גרויסע שלאַכט.

אַפּאָנעם, אַז מע דאַרף זיין גרייט? — אַפּאָנעם! און דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט טיילט אויס די קאמף-פייאיקסטע, די סאמע דרייסטע כאוויירים אין אַן אָרגאַניזירטער דרוזשינע.

1904. אַ אינדוסטריעלער קריזיס. אַ שטילשטאַנד. די שטרייק-כוואליע — עטוואָס שטילער. ס'ברעכט אויס די רוסיש-יאפּאָנישע מילכאָמע. די באַציאונג, יעדנפאַלס, בא די מאסן — א קעגנערישע. אין די טיפענישן זאמלט זיך פולווער. פלוצים איבערן לאנד א וויי-געשריי, אַ פּראָלעטאַרישער וויי- און מוט-געשריי פון ביאלאָסטאָק. באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט גייט ארויס אפן גאס. דאָס מאָל אָבער — ניט געלונגען.

אַפּאָנעם, אַז דער שלאַכט וועט זיין אַ פּאראקשנטער, א בלוטיקער? — אַ פּאָנעם!

דאַרף מען זיך, הייסט עס, נאָך בעסער גרייטן? אַ פּאָנעם. דער קאמף-אָטריאַד, וואָס באַשטייט פון 50 באַוואָפנטע כאווירים, הייבט אָן אָפּטער אַרויס אונטערן שטאָט „אַף דער לערע".

אין אַ צושטאַנד פון אָגגעשטריינגטן אומרו באַגעגנט דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט, צוזאמען מיטן פּראָלעטאַריאַט פונם גאַנצן לאנד, — דאָס אָנקו-מענדיקע 1905-טע יאָר.

ס. זשוקאָווסקי.

# 1905-טער יאָר אין באַרדיטשעוו

דעם 11—10-טן יאַנוואר זיינען קיין באַרדיטשעוו דערפלויגן די ידיעות וועגן דעם „בלוטיקן זונטיק" אין פעטערבורג. „די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן" — האָט זיך גלייך דורכגעטראָגן דורך דער שטאָט, און די גאַנצע מאַסע, פונקט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם זאָל זי האָבן דורכגענומען, האָט אַזוי ווי אַ צאַפּל געטון. אָוונט-צו האָבן זיך אויף דער בירזשע, אַף זשיטאָמער גאַס, הייסט עס, אָנגעהויבן זאַמלען אַרבעטער, און ווען ס'האָט זיך צונויפגעקליבן אַן אוילעם פון אַ מענטשן צוויי הונדערט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סטיכייאישער מיטינג. אויסגעהערט אַ קורצע אינפאָרמאַציע, האָט די גאַנצע מאַסע מיט אַ געהויבענער שטימונג, מיט „הוראַ" און „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג" זיך אַ לאָז געטון אפן סאבאָרנע (איצט סאָוועטסקע) פּלאַץ. דאָ האָט זיך פּאָליציי אַ כאַפּ געטון און די מאַניפעסטאַציע צעטריבן.

דעם 12-טן גאַנצפרי האָט זיך פונקט אפן זעלבן אָרט ווידעראַמאָל אָנגעהויבן די מאַניפעסטאַציע. דאָס מאָל אָבער איז די פּאָליציי געווען שוין צוגעגרייט און מיט דער הילף פון עטלעכע פּראָוואָציר-שאָסן האָט זיך איר איינגעגעבן גלייך פאנאנדערטרייבן די מאַניפעסטאַציע.

„מע דאַרף עטוואָס ווירקלעכערס"—האָבן געמאַכט די כאווירים אַן אויספיר, און דער קאָמיטעט פון „בונד" האָט באשטימט אפן 18-טן אן אלגעמיינעם שטרייק. אין מעשעך פון דער גאַנצער וואָך האט מען זיך געגרייט צו דעמדאָזיקן שטרייק, וואָס האָט געזאלט לויטן פּלאַן זיך פאנאנדערוויקלען אין אַ מאַסן-דעמאָנסטראַציע.

אַגעוו. וועגן דער מאַניפעסטאַציע פונם 12-טן יאַנוואר דערמאָנט דער „ראַפּאָרט" פונם קיעווער גובערנאַטאָר דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאטאָר — דער קיעווער געג. גובערנאטאָר האָט געהאט צו שאפן איבער דריי גובערניעס: קיעווער, וואָלינער און פּאָדאָלער — קיין וואָרט ניט.

אַפּאָנעם, אַז ס'האָט ניט געלוינט צו דערמאַנען וועגן אַ מאַניפעסטאַציע אַף מאָרגן נאָך דער ערשטער.

וועגן דער צוגרייטונג אָבער צום אַלגעמיינעם שטרייק דערציילט דער ראַפּאָרט, אַז

„דעם 12-טן אין דער נאַכט האָבן אומבאַוואוסטע פערזאָנען צעוואָרפן אין פארשיידענע ערטער פון באַרדיטשעוו פּראָקלאַמאציעס מיט אַן אונטערקעפּל: „מיר פאָדערן אַ פּאָלקס-רעגירונג" א. אנד. אזעלכע פּראָקלאמאציעס האָבן די פּאָליציאַנטן געפונען אַ שטיק פינף און דרייסיק. דעם 15-טן באנאכט זיינען ווידער געווען צעווארפן אידישע און רוסישע פּראָקלאמאציעס מיט אַן אונטערקעפּל: „אַ סאָף צום פּרילינג" *) — „אַזעלכע פּראָקלאַמאַציעס האָט מען געפונען 103 עקז".

זעלבסטפארשטענדלעך, אַז ביכלאל גענומען זיינען דידאָזיקע פּראָקלאַמאציעס און ענלעכע געווען פארשפרייט אין די גרויסע צאָלן, מאכמעס העו דער „בונד", העו די „איסקראַ" און אַלע איבעריקע גרופּירונגען האָבן זיך געגרייט צום אלגעמיינעם שטרייק, אָט צו דעם ערשטן געהעריקן ענטפער פונם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט אף די בלוטיקע יאַנוואַר-געשעענישן אין פּעטערבורג.

וועגן איינעם אַן עפּיזאָד פון דער צוגרייטונג-קאָמפּאַניע דערציילט די דערמאנטע סוואָדקע אַזוי:

„דעם 17-טן יאנוואר, זיבן אָוונט, איז אינם עסצימער פון בורקעס לעדער-זאַוואָד אַריין אַ מאַכנע יונגעלייט, אַ מענטשן 60, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו פאנאנדערטיילן צווישן די ארבעטער פּראָקלאמאציעס און לייענען זיי אַף אַ קאָל, פּאָרלייגנדיק די אַרבעטער, זיי זאָלן אַפּן צווייטן טאָג ניט אַרבעטן, אנדערש וועט זיין אַ פּאָגראָם אַפּן זאַוואָד. נאָכדעם איז די מאַכנע אַרויס. גלייך האָבן דער פּאַרוואלטער פונם זאוואָד מיטן פּריקאַזטשיק צונויפגעקליבן אלע פּראָקלאמאציעס און פארברענט זיי, אויסער דריי עקז., וועלכע מע האָט צוגעשטעלט דעם פּריסטאַוו פונם דריטן אָפּטייל. דידאָזיקע פּראָקלאמאציעס האָבן געהאט אַן אונטערקעפּל „צום קאַמף". שפּעטער האָט דער גאָראָדאָוואָי מאקארטשוק געפונען לעם דעם זאוואָד 17 עקז., וואָס צווי פון זיי האָבן דעמזעלבן אונטערקעפּל „צום קאמף", 14 אידישע און איינע מיט אַזאַ אונטערקעפּל: „וואָס מיר טאָרן ניט פארגעסן".

*) אַפּאָנעם, אַז דא האָט זיך געהאנדלט מעקויעך דעם רעגירונגכ-קורס פונם מיניסטער סוויאטאָפּאָלק-מירכקי, וואָס מע האָט אים דעמאָלט באצייכנט, ווי אַ פּאָליטישן פּרילינג אין לאַנד.

איז דידאָזיקע „מאַכנע יונגע לייט, 60 מענטשן", ניט ראַכמיעל און קאַטאַיאַמע דער קליינער, וועגן וועלכע ס׳דערציילט אין זיינע זיכרוינעס דער כ׳ שלוימע מעשורעס, אַז „זיי האָבן זיך אַריינגעגאנוועט אף בורקעס זאַוואָד און דאָרטן געהאלטן פייערדיקע רעדעס"?

באם גרייטן דעם שטרייק האָט מען פיל אופמערקזאַמקייט געווענדעט דערוף, אַז מע זאָל אריינציען אינם שטרייק די אַרבעטער פון די גרויסע אונטערנעמונגען, פון די אונטערנעמונגען, וואוהין אריינצודרינגען איז מאכמעס פיל סיבעס געווען שטאַרק שווער.

אָט ווי ס׳דערציילט וועגן איינעם אַזאַ פּרוואוו דער „ראַפּאָרט":

„דעם 18-טן האָט דער מעשטשאנין איוואן קריזשאנאָווסקי געמאָלדן, אַז גייענדיק 7 אינאָוונט פארביי קאביליאנסקיס לעדער-זאַוואָד, האָט ער דערזען, ווי עטלעכע יונגע אידן האָבן פאנאנדערגעטיילט צווישן די פאַרבייגייענדיקע אַרבעטער געדרוקטע בלעטלעך, געבנדיק אויך אים אַ בלעטל. זייענדיק אַנאַלפאַבעטיש, האָט קריזשאַנאָווסקי מיטגענומען מיט זיך דאָס בלעטל און געבראכט עס אין אוטשאַסטאָק. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דאָס איז די פּראָקלאמאציע „צום קאַמף כאַוויירים".

דעם 18-טן האָט זיך אָנגעהויבן דער אלגעמיינער שטרייק.

דעם 19-טן און 20-טן איז געווען אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע, וואָס האָט אָבער, מאכמעס דעם פּלוצימדיקן אָנקום פון פּאָליציי, ניט באוויזן זיך צו פאנאנדערוויקלען.

די אַרבעטער פונם „פּראָגרעס" און שליינקערס לעדער-זאַוואָד האָט מען אַף די גאַסן ניט געזען.

מעקויעך דעם האָט זיך שפּעטער מיט עטלעכע טעג געווענדט די ר.ס.ד.א.פּ. מיט אַן אופרוף „צו די ארבעטער פון שליינקערס זאַוואָד" אין וועלכן זי זאָגט אַז:

„דעם 18-טן יאנוואר האָבן די אָרגאניזירטע ארבעטער באַ אונז אין בארדיטשעוו דערקלערט אַן אלגעמיינעם שטרייק. אייך אונטערדריקט מען פונקט, ווי אַנדערע ארבעטער, נאָך אפילע מער, מאכמעס מע האלט אייך פאר אומבאוואוסטזיניקע און אומפייאיקע צו קעמפן. קעמפט, ווי ס׳קעמפן אלע ארבעטער".

די וויכטיקסטע אופגאבע, וואָס איז געשטאַנען פאר דער סאָצ. דעמאָקראַטיע, איז געווען אריינציען אין דער אלגעמיינער באוועגונג די גרויסע אונטערנעמונגען. דער פארשיידנאציאָנאַלער באשטאנד פון דער שטאָט האָט אויך פארלאנגט דאָסדאָזיקע. אָבער ניט אזוי גיך האָט זיך עס איינגעגעבן צו אויספירן דידאָזיקע אופגאַבע.

אַגעוו, דער ראַפּאָרט פונם קיעווער גובערנאַטאָר דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר פונם 23/II—05 דערציילט אויך וועגן דעם, ווי

„דעם 18-טן יאַנוואַר זיינען צום פּאָליצמייסטער געקומען אידישע און פּראוואָסלאוונע פורמאַנעס און האָבן אים געמאָלדן, אַז זיי וועלן ניט ארויספאָרן אף דער בירזשע, אויב די קאָנקע וועט, ווי ביז איצט, גיין פון 8 אינדערפרי ביז 12 באַנאַכט. זאָל די קאָנקע גיין פון 8 ביז 8, האָבן זיי געפאָדערט".

ס'אַ ציקאַווער פאַקט: די קאָנקע, אַפילע די באַרדיטשעווער קאָנקע, איז אין פאַרגלייך מיט די פורמאַנעס אַ טריט פאָרויס. דאָרט אָבער, וואו די פאָ-דערונג איז געווענדעט קעגן דער אָרדענונג, וואָס די רעוואָלוציע דאַרף זי אונטערייסן — און אין אונזער פראַט איז די קאָנקע, ווי אַ טייל פון דער שטאָט-ווירטשאַפט, געווען פאַרבונדן מיט דער אָרדענונג — דאָרטן טרייבן אויך די פורמאַנעס די רעוואָלוציע פאָרויס. אַלע ראַפּאָרטן פונם גובערנאַטאָר פאַר יאַנוואַר און פעווראַל זיינען פול מיט פּראָוון מיצאַד די פורמאַנעס „פאַר-סטאָפּירן" די קאָנקע.

יעדן וואַגאָן האָבן געמוזט באַגלייטן צוויי סאָלדאַטן.

„דעם 19-טן פעוורואַל — דער טאָג פון פּויערים-באַפרייאונג — איז דורך אין באַרדיטשעוו רואיק, כאָטש ס'איז געווען צו באַמערקן אַ גע-וויסע אומרואיקע שטימונג צווישן די אַרבעטער, וועלכע פלעגן זיך קלייבן אין ניט גרויסע גרופּן. די פּאָליציי מיט פּאַטרולן האָבן געהאלטן די אָרדענונג".

דערציילט דער פעווראַלער ראַפּאָרט.

אין צוזאַמענהאַנג מיטן 19-טן פעווראַל האָט זיך די „באַרדיטשעווער אָר-גאַניזאַציע פון דער ר. ס. ד. א. פּ." געווענדעט מיט אַ גרויסן אופרוף, אין וועלכן זי בינדט צונויף די היסטאָרישע „באַפרייאונג" פון די פּויערים מיט דער פאַרשקלאַפונג פונם גאַנצן פאָלק און רופט די פּויערים צו באַפרייען זיך פון אַזאַ מין פריצישער „באַפרייאונג".

ציקאַווע איז דער לאָזונג, וואָס מיט אים ענדיקט זיך דער אופרוף: „זאָל לעבן די פאָלקס-רעגירונג".

„אין באַרדיטשעוו האָבן די אַרבעטער פונם „פּראָגרעס", זייענדיק אפן זאַוואָד, ניט געאַרבעט".

דערציילט די זשאַנדאַרמסקע סוואָדקע.

נו, און וואו זיינען די צענדליקער שטרייקן און שטרייקלעך אין די האַנט-ווערקישע און קליין-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וועגן וועלכע עס דער-ציילן אַלע אנטיילנעמער?

5 יאָר נאָכאנאנד,״ ווי דער שטרייק-פיבער האָט ניט אָפּגעלאָזט די קליינע אינדוסטריע; וואו זיינען אַהינגעקומען די שטרייקן בעשאסן 1905-טן יאָר?

אַפּאָנעם, אַז דאָ איז אזויפיל שטרייקעלעך געווען, אַז ס׳איז ניט שאיעך געווען שפּירן נאָך זיי אלע. די לאגע אין די גרויסע אונטערנעמונגען איז געווען, מאַכמעס פארשטענדלעכע סיבעס, אינם אַכטונג-צענטר פון דער פּאָליציי.

קיין אַרויסטרעטונגען איז אין פּעוורעל כוידעש ניט געווען.

אַ שטויס צו די מארט-געשעענישן אין באַרדיטשעוו האָט געגעבן די טאָ-טערש-ארמענישע שכיטע אין באקו.

קעדיי אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון די מאסן פון זיך, קעדיי דער-טרינקען זיי אינם אייגענעם בלוט, האָט די צאַרישע מאכט אריינגעוואָרפן אין דער שטאָט, וואָס איז געווען פון שטענדיקע צייטן נאָך פול מיט פולווער פון נאַציאָנאַלע מאכלויקעסן און בלוטיקע רייסערייען, אַ פונק פון פּעל-קער-קאַמף, און ס׳האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די טאָטערש-אַרמענישע שכיטע. דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע שכיטע, וואו טאָטערשע און ארמענישע פאָלקס-מאַסן האָבן פאַרגאָסן ברודער-בלוט. דערדאָזיקער מערדערישער אופטו פונם צאַריזם האָט אופגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס האָט גלייך גענומען פּראָ-טעסטירן. דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט איז, פאַרשטייט זיך, אויך ניט אָפּגעשטאַנען. דעם $8/_{III}$ איז אין דער אלטשטאָטישער שול פאָרגעקומען אַ טויזנטקעפּיקער מיטינג. נאָכן מיטינג — אַ דעמאָנסטראַציע אַפן סאָבאָרנעם פּלאַץ. אַ צווייטע דעמאָנסטראַציע איז אויך געווען אַף דער הויפּט-גאַס, אַף דער בעלאָפּאָלער.

אָט ווי ס׳ראַפּאָרטירט וועגן דעם דער קיעווער גובערנאַטאָר דעם גענעראַל-גובערנאַטאָר:

„$9^1/_2$ אינדערפרי האָט זיך די באַוועגונג פארשטארקט, דערביי האָט זיך אַפן ראָג ניקאָלסקער און בעלאָפּאָלער גאַס צונויפגעזאַמלט אַן אוי-לעם אידן פון אַ מענטשן צוויי הונדערט און האָט אָנגעהויבן שרייען הורא, ווארפנדיק די היטלען אינדערהייך. דאַן האָט דער באַמבארדיר פון דער דריטער באַטאריי, סטעפאַן קאַמינסקי, וואָס איז געווען אפן סאָבאָרנעם פּלאַץ, צוגעריטן אפן פערד אהערצו. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן זיך צעלויפן. דאָך האָט קאמינסקי אָנגעיאָגט אף דער ניקאָלסקי גאַס דעם מעשטשאַנין סימכע גוטיס, 18 יאָר, וועלכער האָט צוויי מאָל אויסגע-שאָסן אין קאַמינסקין, נאָר ניט געטראָפן. דאַן האָט קאמינסקי אַ האַק געטון אים אין קאָפּ מיטן בלויזן שווערד און האָט אים פארוואונדעט. אַ צווייטער איד, הערשל כאַים באַראַץ, 17 יאָר, ניט לאָזנדיק פארהאלטן גוטיסן, האָט א כאַפּ געטון קאַמינסקין פארן שיידל פון דער שווערד,

נאָרביידע אידן, מיט דער הילף פונם אָנגעקומענעם פאטרול, האָט מען פארהאלטן".

שטעלט זיך פאָר, כאוויירים, דאָס מעסירעס-נעפעש פון אָט דידאָזיקע אַרבעטער-אינגלעך!

די געשיכטע פונם ליידנשאפטלעכן קאמף פונם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַ-ריאַט ווייסט פיל ענלעכע מאָמענטן. מע דארף אום יעדן פּרייז, פאר אונזער אונטערוואקסנדיקער יוגנט, פאר אלעמען אונז אופשטעלן די העלדישע געשיכטע!

אַרום זעקס אינאָוונט, דעמזעלבן טאָג, זעען מיר ווידער אַ פּרואוו צו מאַניפעסטירן אַף דער הויפּט-גאַס לעם קאָסטיאָל. בא דערדאָזיקער מאני-פעסטאַציע האָט מען פארהאלטן דעם כ׳ מאָטל ברעטאַן (מאָטל טשודנאָוואַ), איינער פון די בעסטע קעמפער פונם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דערנאָך העלדיש אומגעקומען אין 1906-טן יאָר באם אָפּשלאָגן פון די הענט פונם קאָנוואָי דעם כ׳ הענעך, וואָס איז געווען פארמישפּעט צום טויט.

אַזוי האָט זיך דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאריאט אָפּגערופן אַף די „בא-קוער" געשעענישן. דער 8 מארט אין באַרדיטשעוו,—דאָס איז אן אָנגעזעטיק-טער טאָג מיט רעוואָלוציאָנערן אומרו און ברויז.

דעם צענטן מאַרט האָבן פארשטרייקט די ארבעטער אף בורקעס לעדער-זאוואָד.

אָט ווי ס׳מעלדעט וועגן דעם דער קיעווער גובערנאטאָר דעם קיעווער גענעראל-גובערנאַטאָר דעם 20-טן מארט:

מינ. אינער. איניאָנים
קיעווער גובערנאטאָר
20 מארט 1905
№ 1468

פון די איניאָנים פון קיעוו. גענ. גוב. №25 ט. I.

צום קיעווער, פּאָדאָלער און וואָלינער
גענעראל-גובערנאטאָר

„דער באַרדיטשעווער אויעזד-איספּראווניק האָט מיר מיטגעטיילט, אז דער ה. שמועל בורקע — דער באלעבאָס פונם לעדער-זאַוואָד אין דער שטאָט באַרדיטשעוו,— האָט אים געמאָלדן, אז דעם דריטן מארט עלף אַזייגער אינדערפרי האָט דער פאַרטרעטער פונם זאוואָד-פאַרוואַלטער, ביניאָמין לערנער, באשטימט איינעם אן אַרבעטער, נאָטע פלייצער, פאַר אן אופזעער אף זיבן טעג איבער די איבעריקע ארבעטער פון דער יוכטע-אָפּטיילונג.

„דידאָזיקע באשטימונג איז ניט געפעלן געוואָרן די ארבעטער: איציק טאַבאַקמאכער, שימען ליווקארניק, יאָסי פּאָליק, איצקע אינגיבערג, גערשן ווייבער, פּייוויש טאָפּאָראָווסקי, ביניאָמין נוסינאָוו, וועלכע האָבן געמאָלדן לערנערן, מיינענדיק, אז די באשטימונג איז זיינער אן אופּטו, און ניט דעם באלעבאָס, אז ביז זיי וועלן ניט הערן וועגן דעם פונם באלעבאָס אליין, וועלן זיי צו דער ארבעט ניט צוטרעטן. אַז ס׳איז געקומען בורקע, האָט מען די אויבנאויסגערעכנטע כאַוויירים איינגעלאַדן אין קאנטאר, וואו בורקע האָט זיי דערקלערט, אַז אָן ספּעציעלע אופּזעער פון די עלטערע ארבעטער איז די אַרבעט אומעגלעך, מאַכמעס זייער אָפּט באמערקן זיך איבערשלאָגן אין דער ארבעט, וואָס סע ברייננגט אַ גרויסן שאָדן · דעם זאוואָדה. אויב זיי ווילן ניט באַ אזעלכע טנאָים ארבעטן אפן זאַוואָד און פאָלגן די עלטערע אַרבעטער, וואָס זיי האָבן די ארבעטער, און ניט בורקע אָנגעדונגען — טאָ קענען זיי זיך גיין זוכן ארבעט אין אַן אנדער אָרט און אף גינסטיקערע פּאר זיך באַדינגונגען. די ארבעטער זיינען ניט איינגעגאנגען ארבעטן אונטערן אופּזיכט פון די דעזשורנעס און זיינען 4 אזייגער אוועק פון זאוואָד, זיך ניט אומקערנדיק אפריער אין דער אָפּטיילונג, וואו זיי האָבן געארבעט. נאָכדעם האָבן די ארבעטער פון אנדערע אָפּטיילונגען, 43 מענטשן, אויסנוצנדיק די אָפּגעשטעלטע רו-צייט, אַוועק פון זאַוואָד. זיך מער ניט אומקערנדיק צוריק אינם זעלבן טאָג. די ארבעטער האָבן זיך געהאַלטן רואיק.

„אפן צווייטן טאָג, דעם צענטן מארט, זיינען געקומען צו דער אַרבעט אלע אַרבעטער, דערביי זיינען 42 מענטשן, וואָס האָבן דעם 9 מארט ניט איבערגעריסן די ארבעט, גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט; 42 מענטשן, וואָס זיינען אוועק פון דער ארבעט דעם 9-טן 4 אַזייגער און מער זיך ניט אומגעקערט אין זאַוואָד, האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט ערשט נאָך פריערדיקע אונטערהאנדלונגען מיט ביניאָמין לערנער, און די איבעריקע 7 אויסגערעכנטע ארבעטער — בלויז צוויי אַזייגער, דערביי מיט דער רעכענונג, אַז דער באלעבאָס פון זאַוואָד, בורקע, וועט, ווי ס׳האָט געמאָלדן לערנער, דעם 13-טן געבן אַן ענדגילטיקן ענטפער אף די ארבעטער-פאָדערונגען מיקויעך הען דער פאַרקירצונג פון דער ארבעט-צייט, העך דעם העכערן פונם לוין.

„דעם 11-טן, 12-טן, 13-טן, האָט מען אפן זאַוואָד געארבעט ווי ·געוויינלעך.

„דעם 14-טן אָבער האָבן אלע ארבעטער, אַ מענטשן הונדערט, צונויפגעקליבן זיך אין עס-צימער און געמאָלדן דער אדמיניסטראציע, אז זיי וועלן ניט צוטרעטן צו דער ארבעט, ביז מע וועט ניט באפרידיקן זייערע פאָלגנדע פאָדערונגען:

„1) אַ 9-שאָעדיקער אַרבעט-טאָג פאַר אַלע אַרבעטער. 2) אָפּשאַפן דעם שטיק-לוין פאַר די, וואָס אַרבעטן אין דער נאָסער אָפּטיילונג און פאַר די יוכטאָוושטשיקעס און איינפירן דעם טאָג-לוין. 3) טאָג-לוין פאַר די בלימאָוושטשיקעס — 1 ר. 20 ק. און אַ פּאָר שטיוול; פאַר די וואַפּנערס — 1 ר. 20 ק. און אַ פּאָר שטיוול; די זאַדובשטשיקעס בא דער מיל — 1 ר.; די אַרבעטער בא דער מיל — 1 ר.; די שוואַרץ-אַרבעטער — 80 ק.; די יוכטאָוושטשיקעס — 1 ר. 20 ק.; פאַר די וואַל-קערס-פּאַסאַדטשיקעס — 20 פּראָצ. הויסאָפּע. 4) באַ דער שטיק-אַרבעט — אַזעלכע פּרייזן: הונדערט געפאַלצירטע לאַפּעס — 3 ר.; אַ פּאָר געפּאַל-צעוועטע כאָלעוועס פון קאָלעררליי מינים — 20 ק.; געפּאַלצעוועטע פּלאַטעס און שטיקער — 8 ק.; געפּאַלצירטע און פּלאַטאַווע קאַמאַשן — 2 ק.; אַ פּאָר געפּאַלצירטע שאַגרין — 6 ק. 5) ניט אָפּזאָגן אַרבעטער אָן דער האַסקאָמע פון די אָפּטייל-כאַווײרים. 6) טייקעף נעצן דעם לעדער, ווי נאָר מע וועט צוטרעטן צו דער אַרבעט; דערנאָך — נעצן יעדע וואָך.

„דערויף אַלעס האָט דער באַלעבאָס, בורקע, געענטפערט, אַז מאַכמעס דעם, וואָס ער האָט האַיאָר געליטן אַ העזעק אַף צוואַנציק טויזנט רובל, קען ער די פאָדערונגען ניט באַפרידיקן, און זאָלן זיך די אַרבעטער גיין פון זאַוואָד, אויב זיי זיינען ניט מאַסקים. נאָכדעם זיינען אַלע אַרבעטער זיך צעגאַנגען אַהיים".

דעם 11-טן מאַרט איז געוואָרן אומרואיק אַפן „פּראָגרעס". געווען איז דאָרטן איינער אַ מאַיסטער באָטשקאָווסקי, וואָס פלעג זיך זייער שלעכט באַ-גיין מיט די אַרבעטער, האָבן די אַרבעטער שוין לאַנג באַשלאָסן זיך אָפּרע-כענען מיטן דאָזיקן מאַיסטער. דעם 11 מאַרט האָבן זיי אים אַרויסגעפירט אַף אַ „טאַטשקע".

אָט ווי ס'ראַפּאָרטירט וועגן דעם דער קיעווער גובערנאַטאָר דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר. דער פּאָליצייאישער נוסעך פון דער דאָזיקער זשאַנדאַרם-„ליטעראַטור" איז אונז געוניג באַקאַנט.

„אַפן מאַשינבוי-זאַוואָד „פּראָגרעס", וואו ס'אַרבעטן העכער 400 מענטשן, דעם 11-טן מאַרט, 9 אַזייגער אינדערפרי, האָבן צען אַרבעטער פון דער טאָק-אָפּטיילונג אַ כאַפּ געטון דעם מאַיסטער מעטשיסלאַוו גאַווריל אָוויטש באָטשקאָווסקי, פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט אַ זאַק און מיט אויסגעשרייע „הוראַ" אים אַרויסגעפירט פונם זאַוואָד. פון די אויספרעגן איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַרבעטער האָבן עס אַזוי געטון דערפאַר, וואָס זיי זיינען באַרויגעז אַף באָטשקאָווסקין, לעמאַי ער באַציט זיך אַקוראַט צו דער אַרבעט און פאַרלאַנגט דאָסזעלבע אויך פון

די ארבעטער. איינגעפינענדיק, אז אזא פירונג פון די ארבעטער איז אַן אומדערלאָזבארע זאַך און אַ שלעכטער ביישפּיל פאר די איבעריקע, האָט די אדמיניסטראציע באשלאָסן אָפּזאָגן זיי דעם 16-טן מארט. דאָס האָט אָבער אופגערעגט די איבעריקע ארבעטער, און זיי האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, אז מע זאָל די 10 ארב. לאָזן אפן זאַוואָד, אַניט וועט זיין אַן אלגעמיינער שטרייק".

דעם 14 מארט האָט מען אלע 10 ארבעטער, וואָס האָבן ארויסגעפירט דעם מאַיסטער אף דער טאטשקע, אָפּגעזאָגט. ווען ס'איז געקומען צו פאָרן דער פאבריק-אינספעקטאָר—אין דער צאַרישער רוסלאנד זיינען די פאבריק-אינספּעקטאָרן, וואָס האָבן געזאָלט אַכטונג געבן אַף דער ארבעט-געזעצגעבונג, געווען יאַדאַכעס מיט די באַלעבאַטים,—האָט ער אויך באשטעטיקט דעמדאָזיקן אָפּזאָג.

וועגן דעם אלעם האָט די בארדיטשעווער אָרגאניזאציע פון דער ר. ס. ד. אַ. פּ. זיך געווענדעט זיך אָט מיט וואָס פאַר אן אופרוף „צו די ארבעטער פון „פּראָגרעס", וואָס מאָלט אין אַ ריכטיקן שיין די געשעענישן אפן זאַוואָד:

„רוסלענדישע סאָצ. דעמאקראטישע ארב. פּאַרטיי. — פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

„צו די ארבעטער פונם זאוואָד „פּראָגרעס".

„כאַוויירים! מאָנטיק דעם 14-טן מארט, האָט דער זאַוואָד, אף וועלכן איר ארבעט, פאַרקלענערט די צאָל ארבעטער אף צען מענטשן. צען מענטשן, וואָס די שווערע ארבעט מאטערט זיי אויס קעדיי זייערע עקספּלואטאַטאָרן זאָלן קענען רייך ווערן, זיינען פּלוצים געוואָרן איבעריק, און האָבן באקומען פולע פרייהייט גיין אין אלע פיר זייטן. נאָר וואו איז זייער פאַרברעך? וואָס אזוינס האָבן עס אָפּגעטון דידאָזיקע מענטשן, וואָס די אַדמיניסטראציע האָט איינגעפונען, אַז זיי זיינ ן געפערלעך?

„די מאַיסע איז, וואָס זיי האָבן דעם 11 מאַרט ארויסגעפירט אף אַ טאַטשקע דעם מאַיסטער באָטשקאָווסקין. די אדמיניסטראַציע האָט זיך דערשראָקן און האָט געמאָלדן וועגן אלץ אין דער היגער פּאָליציי, דעם פאבריק-אינספּעקטאָר און האָבן צוזאַמען באשלאָסן אָפּזאָגן די 10 מענטשן, קעדיי פאַרזיכערן זיך אף ווייטער.

„נאָר זיינען דען די צען ארבעטער בעעמעס שולדיק אין דעם אַלעם, וואָס עס האָט פּאַסירט אפן זאַוואָד? לייכטער ווי עמעצער אנדערש קענט איר אליין ענטפערן אף דערדאָזיקער פראגע, ווייל ווער פון די ארבעטער פלעג זיך עס ניט צונויפשטויסן מיטן הונט באטשקאָווסקין?

„ווער פון אייך האָט אויסגעמיטן זיין שווערע האַנט?

„צי קען כאָטש איינער פון אייך זאָגן, אז ער האָט כאָטש אף איינעם פון אייך געקוקט ווי אַף א מענטשן, און ניט ווי אף אַ בעהיימע? ווער איז נאָך דעם אלעם דער שולדיקער?

„די ארבעטער, וואָס זיינען שוין מער ניט אימשטאַנד געווען צו ליידן אזעלכע אַכזאָריעסן, צי דער, וואָס האָט געקוקט אף מענטשן, ווי אַף שטומע כאיעס, אַרויסגעבראכט זיי פון די קיילים און אזוי ארום געצוואונגען זיי אַרויסצופירן אים אף אַ טאטשקע? און צי דען איז ער איינער אזא? צי זיינען דען אלע אייערע מאַיסטערס ניט אַזעלכע, די מאַי-סטערס, וואָס האָבן פאַרקויפט דעם געוויסן און זיינען זיך נויקעם מיט אלע קויכעס אין די ארבעטער, קעדיי נויסע-כיין זיין באַ די באַלעבאַטים?

„און זיי, אָט די הינט, אָט די נייע פייניקער פונם אַרבעטער-קלאַס, דערוואַגן זיך נאָך איינצולאַדן די פּאָליציי, וועלכע געפינט שוין „אומ-געזעצלעכע" מאַיסים, און באזייטיקן אַרבעטער פונם זאַוואָד! דער געקומענער פאַבריק-אינספּעקטאָר, דער „פּאַרטיידיקער" פונם ארבעטער-קלאס, אַן אָנגעשיקערטער ביז גאָר, געפינט עס אלץ פאַר געזעצלעך. דאָס שטיקל ארבעט איז אָפּגעטון. צען ארבעטער באקומען זייערע אָפּזאָג-ביכלעך, און די אָרדענונג איז אופגעשטעלט. נאָר, כאַוויירים, צי דען האָט באָטשקאָווסקי געדריקט בלויז די 10 אַרבעטער, וואָס זיינען איצט ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זאַוואָד אַף גאָטס באַראָט? צי דען האָט ער אויך ניט געסטראַשעט יעדן איינציקן פון אייך, אַז באַם מינדסטן פּראָטעסט, באַ דער מינדסטער פאָדערונג פון מענטשלעכע ארבעט-באַ-דינגונגען ווערט ער גלייך ארויסגעוואָרפן אַף דער גאַס? צי דען זיינט איר אַלע ניט כאַרינטערעסירט דערין, אַז די מאַיסטערס זאָלן זיך אַנדערש באַציען צו אייך? צי קען דען עמעצער פון אייך זאָגן, אַז ער איז זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג, אז ער וועט ניט אַריינפאַלן אין אַזאַ לאַגע, ווי די צען כאַוויירים?

„דעריבער, כאַוויירים, זייט ניט קיין געהאָרכזאַמע קנעכט, לאָזט ניט, אַז מע זאָל שפּאָטן איבער אייער מענטשן-ווערדע! פאַרשטייט, אַז אייערע אינטערעסן זיינען געמיינזאַמע, און פונקט קעגן די אינטערעסן פון די עקספּלואטאַטאָרן-קאַפּיטאַליסטן.

„זאָל דאָס, וואָס די פּוטילאָווער אַרבעטער אין פּעטערבורג האָבן— ווען מע האָט אָפּגעזאָגט 4 אַרבעטער—פאַרשטרייקט, דינען אייך פאַר אַ ביישפּיל! ווייזט אייערע בלוט-זויגערס — די באַלעבאַטים און זייער נידערטרעכטיקן שוטעף, דער רעגירונג, — אַז אייך איז ניט פרעמד די אַרבעטער-סאָלידאַרקייט, אַז איר האַלט פאַר הייליק די ווערטער, וואָס זיינען אָנגעצייכנט אף דער רויטער פאָן פונם רוסלענדישן פּראָלע-טאַריאַט: „אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע!"

דעריִבער פאָדערט:

1) מע זאָל באלד אומקערן די אָפּגעזאָגטע כאווײרים,

2) באזייטיקן באָטשקאָווסקין,

3) אַ מענטשלעכן באַגײן זיך מיצאַד דער פאבריק-אַדמיניסטראַציע.

נידער מיטן קאַפּיטאַליזם!

זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!

17-טער מאַרט 1905 י. באַרדיטשעווער אָרגאַניזאַציע.

צוליב די מאַרט-געשעענישן קומען פאָר אין שטאָט מאַסן-אַרעסטן. הונדערטער אַרבעטער-אַקטיוויסטן זײנען אַרעסטירט. באזונדערס גרויס איז דער פארלוסט באם „בונד", וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער באוועגונג. דעריבער זעען מיר ניט אין אַפּריל ניט קיין מאסן-אַרויסטרעטונגען, ניט קיין וויפל ס'ניט איז באדײטנדיקע געשעענישן. די רעוואָלוציע האָט אַזוי ווי געמאכט אַ האַפּסאָקע און איז איוועק אונטער דער ערד, קעדיי זיך ארויסרייסן מיט נאָך אַ גרעסערן אימפּעט אין די יולי-טעג. וועגן אַ פולן שטילשטאנד קען מען דאָך אלץ ניט רעדן, מאכמעס קאָנפליקטן און שטרייקלעך הערן ניט אוף.

„דער ערשטער מאי איז אַדורך אין בארדיטשעוו אומרואיק, מאכמעס עס האָבן זיך פארשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם און אומאָרדענונגען".

„דעם 4-טן מאי האָבן, אַדאַנק דער טעטיקייט פון דער ס. ד. אָרגאַניזאַציע, פארשטרייקט ווארשטאטן, דרוקערייען, צירולנעס און אײניקע מאגאזינען".

„דעם 17-טן מאי האָבן פארשטרייקט די אָנגעשטעלטע פון דער קאָנקע, פאָדערנדיק, אַז מע זאָל פארקלענערן דעם אַרבעט-טאָג און העכערן דעם אַרבעט-לוין", —

ראַפּאָרטירט די מאַי-סוואָדקע פון דער זשאנדארם-אָפּטײלונג.

יוני כוידעש איז איבערפולט מיט שטרייקן, דערבײ באטײליקן זיך אין דערדאָזיקער כוואַליע אויך די גרויסע אונטערנעמונגען: דער „פּראָגרעס", בורקעס לעדער-זאַוואָד, קאביליאנסקיס און טארטאַקאָווסקיס. קיין דעמאָנסטראַציע איז אין אַלגעמײן ניט געווען, אויסער אַ קלײנער פּרואוו פון 100 מענטשן, אָרגאַניזירט דורך די „פּויאַלײ-ציאָן".

„די הונדערט אידן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אף זשיטאָמירער גאַס, האָבן געשריגן „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג" און האָבן דרײ מאָל אויסגעשאָסן. בא די אַרעסטירטע האָט מען געפונען ליטעראטור פון „פּויאלײ-ציאָן", —

מעלדעם וועגן דעם די זשאנדארם-סוואָדקע פאר יוני כוידעש.

וועגן איינעם אַ פּרואוו אַריינדרינגען אין די קאַזאַרמעס דערציילט דער ראַפּאָרט פונם קיעווער גובערנאַטאָר פונם זעקסטן יולי אונטערן נאָמער 3157 דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר אַזוי:

„דעם 23-טן יוני האָט דער ראָטמיסטער פונם 5-טן עסקאַדראָן פונם בוגישן דראַגונען-פּאָלק איבערגעגעבן דעם פּריסטאַוו פונם צווייטן אָפּטייל דריי פּראָקלאַמאַציעס, אָפּגעדרוקטע אַף אַ העקטאָגראַף; איינע אונטערן קעפּל: „וואָס אַ סאָלדאַט דאַרף געדיינקען" און צווייַ „צו די סאָלדאַטן". ווי דער ראָטמיסטער שטעלט פעסט, האָט מען צוויי פּראָקלאַמאַציעס געפונען בײַ די סאָלדאַטן בוראַוווליאָוו, און די דריטע בײַם סאָלדאַט אַרבוזאָוו, וועלכער האָט זי באַקומען בײַ אַן אומבאַקאַנטן אידן".

אָט איז דער פולער טעקסט פון דער פּראָקלאַמאַציע:

„רוסלענדישע סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרב. פּאַרטיי — פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

„צו די סאָלדאַטן.

„כאַווײַרים! אַף דער פּאַנצער-שיף „פּאָטיאָמקין" האָט איינער אַ מאַטראָס געמאָלדן דעם אָפיצער אינם נאָמען פון אַלע, אַז די שפּייז איז שלעכט און מע דאַרף זי פאַרבעסערן. דערויף האָט דער אָפיצער געענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט אויסגעשאָסן אינם מאַטראָס און האָט אים גלייך געהאַרגעט. בלויז פאַר איין מעלדונג וועגן דעם, אַז די שפּייז איז שלעכט, האָט מען אים, הייסט עס, געהאַרגעט. דער מערדער-אָפיצער האָט געטון לויטן געזעץ; ווי מע זאָל ניט דריקן דעם סאָלדאַט, וואָס מע זאָל מיט אים ניט טון — מוז ער שווייגן, אַנדערש קען יעדער רעצייעך אים האַרגענען. נאָר ס'איז דאָ אַ גרענעץ פאַרן געדולד. די מאַטראָסן האָבן ניט אויסגעהאַלטן און האָבן אַרויסגעוואָרפן אין יאַם אַלע אָפיצערן. דעם קערפּער פונם דערהאַרגעטן כאַווער האָט מען געבראַכט צו פירן קיין אָדעס, אַנידערגעלייגט בײַם פּאָרט און צוגעשלאָגן אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: דאָ ליגט אַ כאַווער, וואָס מע האָט אים דערהאַרגעט דערפאַר, וואָס ער האָט געבעטן פאַרבעסערן דעם באָרשטש. מיר האָבן זיך איבערגעציילעמט און געזאָגט: רו דיינע ביינער. לאָמיר נעקאָמע נעמען פון די וואַמפּירן, אַ טויט די בלוטזויגער! זאָל לעבן די פרייהייט! איינער פאַר אַלע, אַלע פאַר איינעם! די קאָמאַנדע פונם פּאַנצער שיף „פירשט פּאָטיאָמקין טאַוריטשעסקי".

„אַזוי האָבן געענטפערט די מאַטראָסן אַף דער רעציכע פונם אָפיצער. צוזאַמען מיט די אַרבעטער האָבן זיי אויפגעהויבן אַן אופשטאַנד און האָבן פאַרגעלייגט אויך די איבעריקע מאַטראָסן צושטיין צום קאַמף.

„באַ אונז איז ניטאָ קיין רעגירונג,—האָבן געשריבן די מאַטראָסן,— זאָל זי אויך באַ אייך ניט זיין! אַ קאַמף אַף טויט!

„סאָלדאַטן, אייך האָט מען אָפּגעריסן פון דער ערד, פון דער פאַמיליע, פון די קינדער, און מע טרייבט אייך צו דער שכיטע קיין מאַנדזשוריע. אָדער מע צווינגט אייך פארגיסן דאָס בלוט פון אייערע ברידער-אַרבעטער און פויערים אין רוסלאַנד גופא. פאר וועמען-זשע האַלט איר מילכאָמע, קעגן וועמען גייט איר? פארן קייסער?—נאָר ער איז דאָך דער מערדער פון פאָלק. פארן פאָטערלאנד?—נאָר אינם דאָזיקן פאָטערלאַנד זיינט איר דאָך רעכטלאָז, מע שלאָגט אייך, מע צעשיסט אייך, מע זעצט אין טפיסע. איז גייט איר דעריבער קעגן אייערע ברידער-פויערים און אַרבעטער, וועמענס ליידן איר ווייסט גוט.

„כאוויירים! טוט-נאָך דעם ביישפיל פון די אָדעסער מאַטראָסן: מיט געווער אין די הענט דערקלערט אַ טויט-קאמף אייער ערגסטן סוינע — דער צאַרישער רעגירונג. געדיינקט, אַז אייער פיינט איז ניט אין מאַנדזשוריע, איז ניט דער פויער, ניט דער אַרבעטער. פארכאפט די געווער-סקלאַדן, גיט געווער די אַרבעטער און קעמפט מיט געווער אין די הענט פאר אַן אַלרוסלענדישער גרינדונגס-פאַרזאמלונג, אויסגעווילט אַפן גרונט פונם אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואל-רעכט.

„נאָר דעמאָלט וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע מיט די יאַפּאָנער, נאָר דעמאָלט וועט דאָס פאָלק אליין ארויסגעבן געזעצן, נאָר דעמאָלט וועלן אַלע זיין גלייך פארן געזעץ, און קיינע מיסבראויכנס וועלן ניט זיין. זאָגט זיך אָפּ גיין אף דער מילכאָמע.

„צוליב וואָס פארגיסן אייגן בלוט, בעשאַס מע ווייסט ניט פאַרוואָס?

„פארגיסט-זשע בעסער דאָס פאר דער פרייהייט פון פאָלק!

„נידער מיט דער מילכאָמע! נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

„זאָלן לעבן די מאַטראָסן, וואָס זיינען אופגעשטאַנען אין אָדעס!

„זאָל לעבן די אלרוסלענדישע גרינדונגס-פארזאמלונג!

אויסגאבע פון דער באַרדיטשעווער גרופּע פון דער רוסלענד. סאָציאַלדעמאָקר. פּאַרטיי. יוני 1905.

„איבערגעלייענט, גיט איבער די כאוויירים".

סאָף יוני האָט די שטרייקן-כוואליע אָנגעהויבן שטייגן.

„דעם 28 יוני"—ראַפּאָרטירט דער קיעווער גובערנאַטאָר דעם קיע-ווער געגעראל-גובערנאַטאָר—„האָבן אַפן „פּראָגרעס" פארשטרייקט 45 מענטשן, פאָדערנדיק 8 שאָ ארבעט, 30 פּראָצענט הויסאָפּע, טאָג-לוין אנשטאט שטיק-לוין, און אָנשטענדיקע באַציאונג מיצאַד די מאַיסטערס און

דער אַדמיניסטראַציע, אומזיסטיקע מעדיצינישע הילף די ארבעטער און זייערע מישפּאָכעס, אַ העלפט פונם לוין בעשאס אַ קריינק, קלאָלים, ווי אזוי אָפּזאָגן אַרבעטער, בלויז באם וויסן פון די איבעריקע.
„אונטערגעהיצט אַרויסצושטעלן אַזעלכע פאָדערונגען האָבן פּראָקלאמאציעס״.

אָט איז אַ פולער טעקסט פון דידאַזיקע פּראָקלאמאציעס:

„רוסלענדישע סאציאלדעמאקראטישע ארבעטער-פארטיי. פּראלעטאריער פון אלע לענדער, פארייניקט זיך!

„צו די אַרבעטער פונם זאַוואָד „פּראָגרעס״.

איבער גאנץ רוסלאנד איז אופגעשטאַנען דאָס אַרבעטער-פאָלק, פאָדערנדיק פאר זיך אַ לעבן, פאָדערנדיק אָפּצושאַפן די רעכטלאָזיקייט זיינע. די גאַנצע קראַפט פון די ארבעטער איז אין זייער פאריייניקונג. פעסט און פארייניקט קעמפן זיי פאר זייערע פאָדערונגען. וואַרפט אויך איר די אַרבעט, אויב איר ווילט פארבעסערן אייער לאַגע, וואַרפט און פאָדערט:

1) אַכט שאָ אַרבעט,
2) 30 פּראָצענט הויסאָפּע,
3) טאָג-אַרבעט אנשטאָט שטיק-אַרבעט,
4) די שווארצארבעטער צו איין רובל אַ טאָג,
5) אַן אָנשטענדיקע באציאונג מיצאַד די מאיסטער און אַדמיניסטראַציע,
6) אומזיסטע מעדיצינישע הילף די אַרבעטער און זייערע מישפּאָכעס און אַ העלפט פונם לוין בעשאס אַ קריינק,
7) אָפּזאָגן בלויז באם וויסן פון די אַרבעטער.

„שטעלט זיך ניט צו דער ארבעט, ביז מע וועט ניט אויספירן אייערע פאָדערונגען. געדיינקט, אַז פארן שטרייק טאָר ניטליידן קיין איין אַרבעטער. פאָדערט, אז מע זאל אייך באצאָלן פאר דער צייט פון שטרייק.
„נאָר מיט קאמף וועט איר זיך דערשלאגן אייערס.

28 יוני 1905.

באַרדיטשעווער אָרגאַניזאַציע פון דער רוסלענדישער סאָציאַלדע-מאָקראַטישער אַרבעטער-פּאַרטיי״.

דעם 5 יולי קומט פאָר די בלוטיקע שכיטע אין ביאַליסטאָק. שפּעטער — דער אופשטאַנד אף „פּאָטיאָמקינען״. די רעוואָלוציע צעפלאקערט זיך. קען דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט בלייבן גלייכגילטיק צו אַזעלכע געשעענישן?
מע גרייט זיך צו די אלע ארויסטרעטונגען. דערווייל — שטרייקט מען. איינצייטיק מיט „פּראָגרעס״ האָבן פארשטרייקט בורקעס אַרבעטער. דעם 30-טן יוני — קאָביליאנסקיס; דעם 1-טן יולי — פלעסנעוויטשעס דאמף-מיל.

אָט ווי ס׳מעלדעט וועגן דעם דער קיעווער גובערנאַטאָר דעם גענעראַל-גובערנאַטאר אין דער מעלדונג פונם 19-טן יולי:

„דעם 28-טן האבן פארשטרייקט די אַרבעטער פון בורקעס לעדער-זאַוואָד, פאָדערנדיק, אַז מע זאל זיי העכערן דעם לוין אף 20 פראָצענט און דעם אַרבעט-טאָג פאַרקירצן אַף אַ האַלבער שאָ. אַפּן צווייטן טאָג האָט דער באלעבאָס דערקלערט, אַז ער איז מאסקים אויספירן די פאָ-דערונגען, און דער שטרייק האָט זיך געענדיקט. דעם 30-טן האבן צום צווייטן מאָל פארשטרייקט די אַרבעטער פון קאָביליאנסקיס לעדער-זאַוואָד, פאָדערנדיק העכערן דעם לוין. דער שטרייק האָט געדויערט ביזן 5-טן יולי. דעם 1-טן יולי האָט מען אוועקגעלייגט די אַרבעט אף פלעסנעוויטשעס דאַמף-מיל, אינם דאָרף ביסטריק. די כוידעש-אָנגע-שטעלטע האבן געפאדערט העכערן דעם געהאלט פון 10 און 11 רובל ביז 14. דעם 1-טן יולי האָבן פארשטרייקט די אַרבעטער פון טאַרטאַ-קאָווסקיס לעדער-זאַוואָד, פאָדערנדיק איבעראנייס נעצן די פעל. אַלע אַרבעטער האַלטן זיך רואיק״.

„דעם 13-טן יולי איז אין בארדיטשעוו אַף דער רוסישער גאס פאָרגעקומען אַ מאַיאָווקע פון 200 מענטשן. אַרעסטירט האָט מען 9״.

„דעם 17-טן האָבן אין בארדיטשעוו פארשטרייקט די אָנגעשטעלטע פון דער קאָנקע און די בינדוזשניקעס״.

„דעם 19-טן האָבן אין בארדיטשעוו פאַרשטרייקט די פייערלעשער, וועלכע האָבן דורכן בראנדמאיסטער א פאָדער געטון:

1) העכערן דעם לוין, 2) אנשטענדיקע באציאונגען א. א. וו.

„בא ניט אויספירן דידאָזיקע פאָדערונגען האָבן זיי געדראָט ניט ארויסצופאָרן בעשאס אַ סרייפע״.

דאָ וועלן מיר ווידער באמערקן, אַז די גובערנאַטאָרשע מעלדונגען רעדן בלויז וועגן די גרויסע שטרייקן, און אויך וועגן יענע שטרייקן, וואָס האָבן אַ געוויסע שאיכעס צו דער שטאָט-ווירטשאפט. וועגן די שטרייקן און שטרייק-לעך-זשע אין דער קליינער אינדוסטריע — שוויגן די „ראַפּאָרטן״ אינגאנצן. איז אין דערזעלבער צייט זיינען שטרייקן דאָ געווען גאָר „אָפטע געסט״. איז דעריבער, ווען מיר וועלן נעמען אין אַכט אויך דידאָזיקע שטרייקן — און דאָס מוזן מיר, פאַרשטייט זיך, טון — וועלן מיר באקומען אַ בילד פון אַ כוואַליע, וואָס האלט אין איין וואקסן.

אויבן האָבן מיר שוין געהאט דערמאָנט וועגן די בלוטיקע ביאַלאָסטאָקער געשע-ענישן און פאטיאָמקינס אופשטאנד אין יולי כוידעש. ווען דידאָזיקע צוויי שטויס-קרעפטן האָבן אַ טרייב געטון די שטייגנדיקע שטרייק-כוואַליע, האָט זיך דער אַלגעמיינער שטרייק פאנאנדערגעוויקלט אין אַ 5-טויזנטקעפּיקער דעמאָנסטראַציע.

ווענן דעם, ווי אַזוי דידאָזיקע מאַסן-דעמאָנסטראַציע האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אינם זיקאָרן פון די אנטיילנעמער — ווענן מיר נאָך האָבן די געלעגנהייט צו לייענען אין די זיכרוינעס זעלבסט. דערווייל לאָמיר אויסהערן, ווי אזוי סע „ראַפּאָרטירט” וועגן דעם דער באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער דעם פּראָקוראָר פון דער קיעווער געריכט-פאלאטע:

„פון די איניאנים פון דער קיעווער געריכט-פאלאטע 905—653 №.

„זיין גרויסקייט

„דעם פּראָקוראר פון דער קיעווער געריכטס-פּאלאטע.

פונם באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער

דעם 26-טן יולי 1905

№ 5071

„אַ ראפּאָרט

„נעכטן ביינאַשמאָשעס האָבן אָנגעהויבן דערגיין צו מיר יעדיעס וועגן דעם, אַז בייזוויליקע מענטשן צעברעכן די עלעקטריע-לאמטערנס אַף ניקאָלסקער, זשיטאָמירער און מאָסטאָוואָיע גאסן. כוצדעם, קע-דיי ס׳זאָל פינצטער ווערן אין שטאָט, האָט אַן אוילעם פון אַ מאַן דרייסיק זיך אַריינגעריסן אין דער עלעקטריע-סטאַנציע. באַלד האָט מען באַפוילן די רייטעריער אָפּטער אַרומצופאָרן איבער די גאַסן, און אַ פּאַטרול האָט מען אַוועקגעשיקט אַף דער סטאַנציע. דער אוילעם אידן, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, איז זיך פאנאנדערגעלאָפן. בעשאַס מע האָט אַף דער עלעקטריע-סטאַנציע געפּאָדערט, אַז מע זאָל אופהערן באַלייכטן די שטאָט, האָט מען געשאָסן פון רעוואָלווערן, נאָר קיין רעזולטאַטן זיינען ניט געווען.

„קעדיי מע זאָל ניט קאַליע מאַכן דעם דראָט, האָב איך באַפוילן, אַז די סטאַנציע זאָל אָנהייבן אַרבעטן פאַר דער אָפּגעשטעלטער צייט, און אַזוי האָט מען געאַרבעט ביזן אָפּרעכענען זיך, ניט קוקנדיק אַף די דראָונגען. ווייטער האָבן זיך האַלבע נאַכט באַקומען יעדיעס וועגן אַ פאַרדעכטיקן אַרומגיין פון איינצלנע מענטשן אַף די זייטיקע הינטער-געסלעך. דעריבער האָט די פּאָליציי פאַרשטאַרקט די וואַך, ניט דער-לאָזנדיק, אַז סע זאָלן זיך שאַפן גרופּן.

„דאָך האָבן דער געהילף-פּריסטאַוו פון ערשטן אָפּטייל רובלענטשאן און פּאָליציימאַן דזינגאוויטש, וועלכע האָבן זיך ביידע געפונען אַפן סאבארנעם פלאץ, דערהערט 9 אינאָוונט אַ פלוצימדיקן הורא-אויסגעשריי פון אַ טויזנטקעפּיקן אוילעם, וואָס איז אָנגעקומען פון זעלינסקיס געסל אַף מאַכנאָווקער גאַס. דער אוילעם האָט געשריגן „נידער מיט דער זעלבסטהער-שונג” און „זאָל לעבן די רעוואָלוציע” און האָט געשאָסן פון רעוואָלווערן.

„ווען רובלענטשאן און דזינקאָוויטש צוזאמען מיט די גאָראָדאָוואָיעס האָבן זיך אַ וואָרף געטון צום אוילעם, האָט מען פונם אוילעם אָנגעהויבן

שיסן. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן אָפּטרעטן אף מאכנאָוועקער גאס. אַרויסיאָגנדיק די דעמאָנסטראַנטן, האָבן אונזערע ווידער זיך אָנגעשטויסן אַף אַ גרויסער גרופּע, וואָס האָט זיך באַוויזן פון אַ צווייטן געסל. פון דערדאָזיקער גרופּע האָט מען נאָך אָפּטער געשאָסן, און דידאָזיקע זאַלפּן האָבן ניט געקענט ניט מיטברייינגען צו קאָרבאָנעס מיצאַד דער ערשטער גרופּע.

„בעשאַס דערדאָזיקער שיסעריי פון די דעמאָנסטראַנטן, האָבן אָנגעהויבן פון פאַרשיידענע זייטן אָנצוקומען די פּאטרולן פונם 26-טן בוגישן פּאָלק, וואָס זיינען אַרומגעפאָרן איבערן שטאָט. די פּאַטרולן האָבן אָנגעהויבן נאָכיאָגן די דעמאָנסטראַנטן, וועלכע האָבן אף זיי געשאָסן פון די פענצטער, באלקאָנעס און דעכער פון אייניקע הייזער, וואָס אַפן סאָבאָרנעם פּלאץ, בעלאָפּאָלער, ניקאָלסקער און מאַכנאָווקער גאסן.

„אַרייגעפאַלן אין מיט פון אַזאַ מין רעוואָלווערן-שיסעריי פון די פענצטער, באלקאָנעס, דעכער, גאסן-ווינקלען און געסלעך, וואָס לעבן דעם סאָבאָרנעם פּלאץ — אַ פערד פון אַ דראַגון איז געווען בעשאַסמאַיסע פאַרוואונדעט — זיינען די פּאַטרולן געצוואונגען געווען, קעדיי זיך פארטיידיקן און די אומאָרדענונג אָפּצושאפן, אָנהייבן בּרויכן פייער און קאַלט געווער, אַף וויפל דאָס איז נייטיק געווען.

„אין דער צייט בין איך מיט דער דעזשור-ראָטע פונם פערטן באַטאַליאָן פון 41-טן סעלענגינער פּאָלק אָנגעקומען אַפן סאָבאָרנעם פּלאץ און זיך אַ לאָז געטון אַף מאַכנאָווקער גאַס, וואו ניט ווייט פונם אייראָפּייאישן האָטעל האָט אַ דריטע גרופּע געשריגן „הורא״ און געשאָסן. אייניקע סאָלדאַטן, זעענדיק קעגן זיך פייער, האָבן אויך אָנגעהויבן שיסן. דער אוילעם איז זיך צעקראָכן אין פארשיידענע געסלעך, שיסנדיק פונדאָרטן אין דער פּאָליציי און רייטעריער; אויסער דעם האָבן זיך געהערט שאָסן אף מאכנאָווקער גאַס אַראָפּ, אין דער ריכטונג פון דער עלעקטריע-סטאנציע. ווען איך האָב זיך געלאָזט איבער דער מאַכנאָווקער גאס, האָט מען פון קומס מויער אף מיר אויסגעשאָסן, נאָר די קויל איז אַדורכגעפלויגן לעם מיין ברוסט, ניט אָנטועענדיק מיר קיין שאָדן.

„נאָך דעם, ווי אין דער שטאָט איז איינגעשטעלט געוואָרן די אָרדענונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז אינם אידישן שפּיטאָל האָט מען געבּראַכט 5 פאַרוואונדעטע, צווישן זיי איין רוסישער.

„די וואונדן האָבן די דעמאָנסטראנטן באקומען קימאט אויסשליסלעך פון שאַשקעס פון די דראגונעס, וועלכע האָבן, אדאנק זייער רירעוודיקייט, ווערטפולע פארדינסטן באם אונטערדריקן די אומאָרדענונגען.

„פון די אנטיילנעמער פון די דעמאָנסטראציעס האָט מען צען מענטשן פארהאלטן, און איצט פאָרשט מען אויס. הייגט זיינען די קלייטן שוין

אָפן, נאָר די אגיטאַטאָרן גרייטן צו אָוונט-צו ווידער אומאָר-דענונגען.

„פון די פּאָליציי-דינער, וואָס האָבן זיך געפונען אפן וואך פון 6 גאנצפרי ביז 1 באנאכט, האָבן, ניט געקוקט אף דער איינגעמאטערטקייט, באזונדערס ענערגיש געארבעט: אף בעלאפּאָלער גאס — דער פּריסטאוו פונם צווייטן אָפּטייל לאָבאדזינסקי, און אַפן סאָבאָרנעם פּלאץ — דער קאָלעדזש-רעגיסטראטאָר רובּלענטשאן און דזינקאָוויטש.

„די גאָראָדאָוואָיעס האָבן אויך געארבעט ניט אָנצולויבן זיי, ניט געקוקט אפן האָגל קוילן. וועגן דעם אלעם מעלדע איך אייער גרויס-קייט. לויט פּריוואטע יעדיעס איז די צאָל פארוואונדעטע עטלעכע צענדליק.

פּאָליצמייסטער קריזשיצקי".

עטלעכע באמערקונגען וועגן דערדאָזיקער טיפּישער פּאָליצייאישער שרייבעכץ:

1) דער גאנג פון די געשעענישן איז פאלש אויסגעמאָלט אזוי, אז סע זאָל זיך באקומען, אז די דעמאָנסטראציע האָט די ערשטע אָנגעהויבן די שיסעריי, אַז די פּאָליציי איז געצוואונגען געווען זיך פארטיידיקן; 2) די אָנווייזונג, אז מע האָט אף די פּאטרולן געשאָסן פון די „פענצטער, באלקאָנען און דעכער" — איז אן אויסגעקלערטע באָבע-מאַיסע: דער קאמף-אָפּטייל פונם „בונד" איז בעשאס-מאיסע געווען צווישן די דעמאָנסטראנטן. דאָס אלץ איז געווען דעם פּאָליצמייסטער נייטיק, קעדיי צו בארעכטיקן די שיסעריי אפן פרידלעכן אוילעם, און צו פארגרעסערן די אייגענע גוואורעס.

היינט די מאַיסע וועגן דעם „ווי אַזוי איך בין אָנגעקומען אפן פּלאץ, ווי אַזוי אַ קויל איז דורכגעפלויגן פארביי מיין ברוסט" א. א. וו?. ווי גוט איז, וואָס מיר זיינען סאָפקאָלסאָף פּאָטער געוואָרן פון אָט דער נידערטרעכטיקער, הינטישער אָרדענונג!

דערהאלטן פונם בארדיטשעווער פּאָליצמייסטער דעם אייליקן „ראפּאָרט" וועגן די יולי-געשעענישן, האָט דער קיעווער גובערנאטאָר גלייך געמאָלדן וועגן דעם דעם גענעראל-גובערנאטאָר. אָט איז דידאָזיקע מעלדונג:

„אינערן-מיניסטעריום

קיעווער גובערנאטאָר

30 יולי 1905

№ 3541

דעם גענעראל-גובערנאטאר

פון קיעווער, פּאָדאָלער און וואָלינער גובערניעס.

„לויט די פּאָליציי-יעדיעס, האָט זיך די לעצטע צייט צווישן דער אידישער באפעלקערונג פון בארדיטשעוו געפירט א שטארקע אגיטאציע

פאר אן אלגעמיינעם שטרייק און גאסן-אומאָרדענונגען. קעדיי צו פארשטארקן די מיליטערישע טייל פון באַרדיטשעוו, האָט מען אהינצו געשיקט איין באטאליאָן. אויסער דעם—נאָך דריי אָקאָלאָדאָטשנע נאדזי-ראטעלעס פון קיעווער פּאָליציי.

„דעם 17-טן יולי האָבן פארשטרייקט די פורמאנעס און אָנגעשטעלטע פון דער קאָנקע. אויסער דעם, האָבן אַ פּרואוו געטון פארשטרייקן אויך די בעקער, נאָר דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן. דעם 18-טן און 19-טן האט דער שטרייק פון די פורמאנעס און קאָנקע-אָנגעשטעלטע נאָך געדויערט. דערביי האָבן די לעצטע אַ־ויסגעשטעלט א ריי פּאָדע-רונגען, וואָס וועגן זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען מיט דער פארוואלטונג.

„דעם 19-טן האָבן די אָנגעשטעלטע פונם 3-טן אָפּטייל פון דער באַרדיטשעווער פייערלעשער-קאָמאנדע א פּאָדער געטון באם בראנד-מאיסטער, אז מע זאָל זייער געהאלט — 12 רובל א כוידעש — העכערן אף פינף רובל, אָפּשאפן דאָס שטריינגע באגיין זיך מיט זיי, אופהערן אָפּרעכענען פאר דער צייט, וואָס מע וועט דורכלאָזן. אויב מ׳ע וועט ניט באפרידיקן זייערע פּאָדערונגען ביזן 1-טן אַווגוסט, האָבן זיי גע-מאָלדן, אז זיי וועלן ניט ארויספאָרן אף קיין סרייפעס.

„צו דידאָזיקע פּאָדערונגען פונם ערשטן אָפּטייל זיינען דעם 21 יולי צוגעשטאנען אויך די אָנגעשטעלטע פון די איבעריקע צוויי פייערלע-שער-אָפּטיילן. העיויס ווי די קאָמאנדע אין באַרדיטשעוו איז אַ שטאָטישע, האָב איך, קעדיי אויסמיידן אן איבערייס אין דער ארבעט פון די פייער-לעשער, פּאָרגעלייגט דער שטאָטישער זעלבסטפארוואלטונג טייקעף דורכקומען מיט די אָנגעשטעלטע אָדער אָנדינגען אַנדערע מענטשן און ביכלאל זיך ארומקוקן אף דער נישטיקייט פון זייער געהאלט.

„דעם 20-טן יולי איז א טייל פורמאנעס, אדאנק דער ווירקונג פונם פּאָליצמייסטער, ארויסגעפאָרן אף דער בירזשע, דערביי האָט די פּאָליציי אָנגענומען מיטלען, אז די שטרייקן-אָרגאניזאטאָרס זאָלן ניט באגיין קיין גוואלדטאט בענויגייע צו זיי. קעדיי אָפּשוואכן די אגיטאציע, האָבן דער פּאָליצמייסטער און דער געהילף-פירער פון דער קיעווער גובער-ניאלער זשאנדארם-פארוואלטונג אָפּגעמאכט צווישן זיך, און דעם 22-טן יולי אין דער נאכט האָט מען באזוכט און ארעסטירט 7 מענטשן, בא וועלכע מע האָט געפונען קעגנמעלוכישע אויסגאבן און צוויי רעוואָל-ווערן מיט קוילן. דערדאָזיקער ארעסט האָט געהאט א געוויסע ווירקונג אפן ווייטערדיקן גאנג פונם שטרייק, און ס׳איז דערגרייכט געוואָרן אן אויסגלייך צווישן דער אדמיניסטראציע און קאָנקע-אָנגעשטעלטע. דעם 23-טן האָט די קאָנקע אָנגעהויבן אַרבעטן.

„דאָך אָבער האָט דעם 24-טן זיך ווידער אָנגעהויבן די אגיטאציע און מע האָט פארשפרייט א גרויסע צאָל פּראָקלאמאציעס וועגן אן אלגע-מיינעם שטרייק. די רעוואָלוציאָנערן האָבן געפּרואווט אָפּשטעלן די עלעקטרישע באלייכטונג, וואסערלייטונג, קאָנקע, פורמאנעס. דערצו האָט ניט דערלאָזט דאָס מיליטער. אפן צווייטן טאָג זיינען אין שטאָט געווען פארמאכט אלע מאגאזינען און האנדל-געשעפטן אויסער אייניקע פלייש-קלייטן און בעקערייען, וואָס זיי האָבן באוואכט פּאָליציי מיט מיליטער".

די יולי-דעמאנסטראציע האט געקאָסט דעם באַרדיטשעווער פּראָלעטאריאט עטלעכע געהארגעטע, צענדליקער פארוואונדעטע און פיל ארעסטירטע.

וואָס-זשע פאר אן אויספיר האָבן געמאכט פאר זיך די באַרדיטשעווער אַרבעטער?

מע דארף זיך באוואָפענען — האָבן געמאכט פאר זיך אַ נאטירלעכן אויספיר די באַרדיטשעווער ארבעטער. דער „קאַבאָלאס-פּאָנעם" פון דער פּאָ-ליציי האָט, הייסט עס, ניט נאָר אופגעהויבן די קאַמף-לוסט פון דער מאסע, נאָר אויך געגעבן זייער אַ גוטע לערע פון קלאַסנקאַמף.

מיט וואָס פאר אן איבערלעבונגען, מיט וואָס פאַר אן אויספירן ס'איז אַרויס דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט פון דער יולי-דעמאָנסטראַציע — איז צו זען פון אָט דערדאָזיקער אויסגעצייכנטער פּראָקלאַמאַציע פונם „בונד". מיר גיבן זי פולערהייט *).

„דער אלגעמיינער אידישער ארבעטער-בונד פון רוסלאנד, ליטע און פוילן. | פּראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

„וועגן די לעצטע געשעענישן.

„נאָך איין בלוטיקע שורע האָט אריינגעשריבן די צארישע רעגירונג אין איר בלוטיקן בוך, וואו ס'זיינען פארצייכנט אירע האריגעס און רעציכעס; נאָך איין טראָפּן איז אַריין אין איר בלוטיקן יאַם; נאָך איין קאָרבן האָט איינגעשלונגען דער מוילעך פון דער זעלבסטהערשונג.

אַ שאנד דער זעלבסטהערשונג, אַ שאַנד אלע אירע דינער!

*) דידאָזיקע בונדישע פּראקלאמאציע ווי ביכלאל אלע מאטעריאלן, וועלכע מיר גיבן אין אונזער איבערבליק, זיינען איבערזעצט פון רוסיש. דעם אידישן אָריגאנאל האט זיך אונז דערווייל ניט איינגעגעבן צו באקומען. אזוי אז אונזער אידישע איבערזעצונג שטעלט מיט זיך פאר אן איבערזעצונג פון אן איבערזעצונג, וואס סע האט געמאכט די אכראנקע. פארשטייט זיך, אז דער-דאזיקער אומשטאנד האט ניט געקענט ניט ברייגען דערצו, אז פון אונעזרע טעקסטן זאל טיילווייס ניט אנטרונען דער ספּעציפישער נוסעך פון די אמאליקע פּראקלאמאציעס. און, אגעוו, ווי גלייך האט געטון דער כ' קירשניץ, וואס ער האט אינם „אידישן ארבעטער" איבערגעדרוקט די אלטע טעקסטן אזוי, ווי זיי זיינען. אין אַ היסטארישן דאקומענט שפילט דער נוסעך אויך א געוויסע ראל.

„מיר האָבן ארויסגערופן אַן אלגעמיינעם שטרייק, און אונזער רוף האָט געהאט אן אלגעמיינעם דערפאָלג: ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע פאַבריקן, אַלע קלייטן. אַ יאָנטעוו איז געווען באַם ארבעטער-קלאס. קלאָר איז געווען ווי מע האָט פאַר אים מוירע, געפילט האָט זיך אונזער פאַ-רייניקטע קראפט. דער צוועק פון אונזער שטרייק איז געווען — מאָבי-ליזירן אלע אונזערע קרעפטן, קעדיי זיך שטעלן פּאָנעם על פּאָנעם מיט דער פּאָליציי אַף דער ליכטיקער גאס, ווייל נאָר אף דער גאס, ווע-אלץ מישט זיך צונויף, קען מען מאכן אַ דעמאָנסטראציע, און מע קען אָנפּאַלן אפן בלוטיקן פיינט.

„די מאסע איז געקומען אַפן גאס. און אָט שטייען זיי פאַר אונזערע אויגן, די טויזנטער שפּאַצירנדיקע ארבעטער. אַ שטילע רעוואָלוציאָנערע ליד האָבן אונטערגעכאַפּט אלע ארבעטער. באוואָפנט איז געשטאנען דער צאַרישער סאָלדאט, און דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך דאָס ערשטע מאָל באגעגנט מיט די צארישע קוילנווארפער און ביקסן.

„ווי היישעריקן האָבן זיך אַ שאָט געטון פון אלע זייטן די סאָלדאטן; די לופט איז געוואָרן פול מיט רויך און פולווער; ווי גאַזלאָנים זיינען זיי באפאלן אלע דורכגייענדיקע, שלאָגנדיק ביז טויט מיט זייערע שווערדן און שטיקעס, שיסנדיק אין די פענצטער און באלקאָנען. די לופט האָט געציטערט, און ס'איז געווען זייער שרעקלעך.

„דאָ, קעגן אומבאוואָפנטע מענטשן, האָבן די צארישע סאָלדאטן דערוויזן זייער קראפט. ס'איז געווען איין געהארגעטער און פיל פאר-וואונדעטע. אַ קלאָלע דער זעלבסטהערשונג, אַ קלאָלע אירע דינער!

„מיר האָבן אָפּגעטראָטן, נאָר ניט אינגאַנצן: אין דער צייט, ווען אף איין גאַס האָבן געפייפט די קוילן, איז אף דער צווייטער גאס געווען אַ מאניפעסטאַציע. מיר האָבן אָפּגעטראָטן, מיר זיינען זיך צעלאָפן דער-פאר, וואָס מיר זיינען געווען זייער שוואך, אומבאוואָפנט, מיר האָבן זיך דאָס ערשטע מאָל באגעגנט פּאָנעם על פּאָנעם מיט פולווער און טויט.

„כאוויירים! מיר וויסן, אַז סע זיינען פאַראן פאַרשיידענע מענטשן, וואָס פארברעכן די הענט איבער די אומשולדיקע קאָרבאָנעס, וואָס ווילן אונז באשולדיקן, וואָס האלטן פאר איבעריק אַלע מאניפעסטאַציעס און דעמאָנסטראַציעס. דאָס איז די בורזשואזיע, וואָס ווייזט נאָר דערמיט איר מוירע פאַרן טויט.

„פאַרייניקט זיך אלע אינם וויכטיקסטן היסטאָרישן מאָמענט, ווייל סע פאַלט די אלטע צעפוילטע פּאָליטישע סיסטעם און עס שאפט זיך אַ נייע אָרדענונג און אַ ניי לעבן, וואָס וועט אונז באפרייען פון די שרעקלעכע צאַרישע קייטן.

„אונז שטייט פאָר אַ גרויסע רעוואָלוציע, און דער גאנצער פּראָלע-טאַריאַט, וואָס זשאלעוועט ניט זיין לעבן קעדיי צו פארניכטן די גאנצע קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, אָט אזוי ווי ס'זאָגט אים דער סאָציאַליס-טישער געדאנק, קען זיך פאַר גאָרניט אָפּשטעלן. מיט אַ גרויסער באַ-וואָפנטער מאסע וועלן מיר צעקלאפּן די שרעקלעכע זעלבסטהערשונג. דאָס וועט איינשלינגען פיל בלוט. דעריבער דארפן מיר זיך צוגרייטן צום גרויסן מאָמענט און גיין אין גאס אף אלע מאניפעסטאַציעס און דעמאָנסטראציעס. דער פּראָלעטאַריאט מוז פארשטיין, אַז סע מוזן זיין פיל קאָרבאָנעס, און יעדערער, וואָס פאַרשטייט, אַז אף אָט דידאָזיקע קוואָרים דארפן וואקסן פרישע בלומען פון פרייהייט, דער דארף זיך ניט שרעקן פאַר קאָרבאָנעס און בלוט-פאַרגיסונג, דער וועט געניסן דאָס נייע פרייע לעבן, וואָס וועט אויסוואקסן פון אונזער יונג, אומשולדיק בלוט.

„מיר זיינען דאָס מאָל אָפּגעטראָטן דערפאַר, וואָס מיר זיינען געווען שוואך און אומבאוואָפנט; מיר מוזן נאָך פארשטארקן אונזער דיסציפּלין, מיר מוזן נאָך פאַרשטאַרקן אונזער אָרגאניזאַציע. קעגן דער ווילדער, פעסטער צאַרישער ארמיי דארפן מיר ארויסשטעלן אונזער אָרגאני-זירטע און דיסציפּלינירטע ארמיי, וואָס דארף זיין שטארק און ענערגיש און דארף גלויבן אין דער הייליקער אידייע. מיר דארפן זיין באוואָפנט, און דידאָזיקע באוואָפענונג דארפן מיר דערווארטן פון אונזער אָרגאני-זאַציע. מע דארף וויסן, אַז בעשאס אַ רעוואָלוציע איז יעדערנס כויוו זיך באוואָפענען און זיין גרייט מיט אלע מיליטער-מאטעריאלן צוליב דער גרויסער מילכאָמע, וואָס אונז דערווארט.

„כאוויירים! מיר וועלן ניט פארגעסן דאָס פרישע בלוט, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געווען פאַרגאָסן אַף די גאסן פון באַרדיטשעוו.

„ווי א פייער צעפלאקערט עס אונזער צאָרן און סינע.

„אָט דאָסדאָזיקע פריש-פאַרגאָסן בלוט וועט עקבערן אונזער מארך און שארפן אונזער שווערד אינם לעצטן יאָם-האדין. אינם טאָג, ווען די צארישע רעגירונג וועט שטיין פארן גרויסן מישפּעט פונם פאָלקס-צאָרן, תאר אַ באוואָפנטן אופשטאנד פון פאָלק — וועט דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאט זיין באוואָפנט און ס'וועט ארויס אַ דיסציפּלינירטע פּראָ-לעטאַרישע ארמיי.

„באַוואָפנט זיך, כאוויירים!

„זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

„זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!

„זאָל לעבן דער סאָציאליזם!

באַרדיטשעווער סאָצ. דעמ. קאָמיטעט פון „בונד".

דרוק פון „בונד". אווגוסט 1905. 4000 עקז.

ס׳האָבן זיך געענדיקט די יולי-טעג. די שטרייק-כוואליע אָבער דויערט ווייטער.

דעם 28-טן האָבן ווידער פאַרשטרייקט די ארבעטער פון בורקעס זאוואָד. זיי האָבן געפאָדערט. אַז מע זאָל פארקירצן דעם ארבעט-טאָג אף אַ האלבער שאָ און דעם לוין העכערן אַף 20 פראָצענט. ווען דער באלעבאָס האָט נאָכגעגעבן, האָט זיך דער שטרייק פארענדיקט. ענלעכע פאַלן זעען מיר אויך אף אַ ריי אנדערע אונטערנעמונגען.

וואָס זאָגן אונז דידאָזיקע שטרייקן און קאָנפליקטן אפן צווייטן טאָג נאָך אַ שווערער מאפּאָלע?

זיי זאָגן אונז, אַז די קאַמף-לוסט איז באם ארבעטער-קלאס ניט אנטרונען, אַז דאָס שטרייק-געווער האָט ער פון זיינע הענט ניט ארויסגעלאָזט.

די יולי-געשעענישן האָבן אויך אָנגעצונדן אין דער ברוסט פונם ארבעטער-קלאַס אַ שטאַרקן נעקאָמע-פייער. מע הייבט אָן טעראָרעזירן די אמערסטן פארהאסטע מאכטהאָבער. ווענן דעם זאָגט איידעס דער ראפּאָרט פונם פּאָליצמייסטער קריזשיצקי פונם 31-טן יולי דעם פּראָקוראָר פון דער קיעווער גע-ריכט-פּאַלאַטע, וואָס דערציילט אונז, ווי אזוי מע האָט די גאָראָדאָוואָיעס לוקאשעוויטש און פארכאָמטשוק באגאָסן מיט אָליעם. דעמזעלבן טעראָר האָט מען אויך אָנגעווענדעט בענויגייע צו יענע נאכט-שאָמרים און דוואָרניקעס, וואָס פלעגן מיטהעלפן דער פּאָליציי. אגעוו, ווענן דעם דערציילט אין זיינע זיכרוינעס אויך דער כ׳ שפּיצגלאָז.

דאָ איז ניט איבעריק צו דערמאָנען, אַז ניט דער „בונד״ און ניט די „איסקרא״ האָבן דעמאָלט ניט אָנערקענט קיין פּערזענלעכן טעראָר. די ענלעכע פאַלן זיינען געווען אַ סטיכייאישער פּראָדוקט פון דער געשאפענער לאַגע, אָפּשפּיגלענדיק די נעקאָמע-שטימונגען פון די אופגערודערטע מאסן.

## די בוליגינישע טקופע אין בארדיטשעוו

אין לאַנד האָט זיך די רויטע כוואליע געהויבן אלץ העכער און העכער. דער לאָזונג, וואָס אונטער זיין פאָן איז געגאנגען די באוועגונג, איז געווען די „גרינדונגס-פאַרזאמלונג״. אַפילע די בורזשואזיע איז אויך אַזוי ווי צוגעשטאַנען צום אלגעמיינעם קאַמף.

ווי אזוי-זשע נארט מען אָפּ דאָס פאָלק פון איין זייט, און ווי רייסט מען אָפּ די בורזשואזיע פון דער רעוואָלוציע פון דער צווייטער זייט, — האָט גענומען פלאנעווען די צאַרישע רעגירונג, און האָט פאַרעפנטלעכט בוליגינס פּראָעקט וועגן אַ ראטגעבערישער דומע, אַ מין צוגאָב, הייסט עס, צום קייסער, וואָס גיט אים אייצעס, ווי אַזוי צו פירן די מעלוכע. דערדאָזיקער נישטיקער, גראָשנדיקער פּראָעקט האָט אופגעבראכט אפילע די ליבעראלן, שוין אָפּגערעדט פון די פּאָלקס-מאסן און סאָצ. פּאַרטייען. אַלע ווי איינער האָבן גענומען

פּראָטעסטירן קעגן אָט דעמדאָזיקן קייסערישן אָפּנאַר-שווינדל. דער באַרדי-טשעווער פּראָלעטאַריאַט איז, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּגעשטאַנען פון דער אַל-געמיינער באַוועגונג, און אין מעשעך פון אווגוסט און סענטיאַבר זעען מיר אין שטאָט אַ ריי מיטינגען-פּראָטעסטן קעגן דעם בוליגינישן פּראָעקט.

אייניקע מיטינגען וויקלען זיך פאַנאַנדער אין היפּשע מאַניפעסטאַציעס. עס זיינען אויך דאָ פאַרוואונדעטע. וועגן אַרעסטן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. אָט זיינען אייניקע סוואָדקעס פון דער זשאַנדאַרם-אָפּטיילונג:

„דעם 15 אווגוסט האָבן די אָרטיקע בונדאָווצעס איינגעאָרדנט אַ מיטינג אין דער באַרדיטשעווער שול בעשאָסן דאַוונען. מע האָט גע-האַלטן רעוואָלוציאָנערע רעדעס און מע האָט געטיילט פּראָקלאַמאַציעס".

„דעם 20-טן אווגוסט איז אפן סאָבאָרנעם פּלאַץ פּאָרגעקומען אַ דע-מאָנסטראַציע מיט אויסגעשרייען „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג". אין דער פּאָליציי, וואָס האָט אַרומגערינגלט די דעמאָנסטראַציע, האָט מען געשאָסן און געוואָרפן שטיינער".

„דעם 27-טן אַווגוסט האָט דער אוילעם, וואָס האָט זיך צונויפגע-קליבן לעם דעם בעסמעדרעש, געפּרואווט דעמאָנסטרירן. מע האָט גע-טיילט ס. ד.-טישע בלעטלעך".

„דעם 29-טן אַווגוסט איז אין דער שול געווען אַ סכאָדקע, וואו מע האָט געטיילט מאַרקסיסטישע און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור".

„דעם 30 אַווגוסט האָט מען אין באַרדיטשעוו אַנטדעקט אַ סקלאַד געווער: 12 רעוואָלווערן, 116 פּיקעס און אומלעגאַלע ליטעראַטור".

## די אָקטיאַבר־טעג

וועגן דעם, ווי אַזוי די רעוואָלוציאָנערע לופט איז צו דערדאָזיקער צייט געווען שוין אָנגעגליט, איז צו זען פון כ׳ קאַרלינסקיס זיכרוינעס, וואָס דער-ציילט אונז, ווי אַזוי צוליב עפּעס אַ קריג צווישן צוויי מענטשן אַף דער גאַס האָט זיך צונויפגעקליבן אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם און ס׳איז געוואָרן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. דערוף זאָגן איידעס אויך די טעלעגראַמעס פונם פּאָליצ-מייסטער קריזשיצקי צום קיעווער גובערנאַטאָר. אָט זיינען דידאָזיקע טעלע-גראַמעס אָן קיינע ענדערונגען:

„א טעלעגראמע. קיעוו, דעם גובערנאטאר.

פון באַרדיטשעוו. אנגעקומען דעם 18 אקטיאבר.

„דעם 16-טן פאַרנאַכט האָבן די רעוואָלוציאָנערן שטאַרק אַגיטירט פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק און אומאָרדענונגען. גאַנצפרי זיינען די מאַגאַזינען און וואַרשטאַטן פאַרמאַכט. מיט דראָונגען האָט מען די אַרבעט פון דער טעלעפאָן-סטאַנציע אָפּגעשטעלט. זי האָבן באַדינט

גאָראדאָוואָיעס. די פּורמאנעס, קאָנקע, עלעקטריע-סטאנציע אַרבעטן נימ. צוויי וואַגאָנעס זיינען איבערגעקערט. די שטאָט באַלייכטן די גאָראדאָוואָיעס אַף די פּאָסטנס מיט שייטערס. מע האָט געשאָסן אינם נאדזירַאטעל דענטשענקאָ, נאָר אומגעלונגען. דעם נאדזיראטעל קאָמפּאָנענקאָ האָט מען פאַרוואונדעט אַ האַנט. די שויבן פון די הייזער זיינען אויסגעבראָכן מיט שטיינער. מע איז זיך נויקעם אין דער פּאָליציי פאַר די אָנגענומענע מאָסמיטלען. באטאָג איז אַ שטארקע אופרודערונג. צו דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג זיינען די פּראַוואָסלאוונע ניט צוגעשטאנען. באַנאַכט האָט מען דערוואַרט גרויסע אומאָרדענונגען. נאָר די פּאָליציי האָט ניט דערלאָזט.

פּאָליצמייסטער קריזשיצקי".

וועגן די געשעענישן דעם 18-טן, וועגן דער גרויסער, סטיכייאיש-אויסגעבראָכענער דעמאָנסטראציע, הייסט עס, מעלדעט די טעלעגראמע אַזוי:

„אַ טעלעגראמע. קיעוו, דעם גובערנאטאר.

פון בארדיטשעוו, אנגענומען דעם 18-טן, 1905.

„גאַנצפרי האָט די שטאָט געהאַט אַ פּולקאם נאָרמאלן אויסזען. די מאַגאַזינען — אָפן. די פּורמאַנעס — אָנגעהויבן פאָרן. זיך דורכגעטראָגן קלאַנגען וועגן קאָנסטיטוציע. די באַוועגונג פון אידן אַף די גאסן האָט שנעל גענומען וואַקסן. איבער די גאַסן און הינטערגעסלעך האָט אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם געשריגן „זאָל לעבן די רעפּובליק". מע האָט זיך אַ לאָז געטון צו דער קאַזנאטשייסטווע, אוטשאַסטקעס, טפיסע, ארעסטהויז. די אָנפאַלן האָבן אָפּגעשלאָגן די פּאַטרולן. מע שיסט פון די פענצטער, באלקאָנעס. איין גאָראָדאָוואָי איז געהארגעט פון אַ רעוואָלווערן-קויל, דער צווייטער איז שווער פאַרוואונדעט מיט צוויי שאָסן. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געשאָסן אין די רייטעריער, וואָס האָבן געענטפערט מיט פייער. עטלעכע דעמאָנסטראַנטן זיינען טויט, פאַרוואונדעט. ניט זייענדיק בעקויעך מיט די אייגענע מיטלען אונטערדריקן די אומאָרדענונגען, האָב איך די מאכט איבערגעגעבן דעם מיליטער. ס'זיינען אָנגעקומען מייעס קאָזאקן, וואָס האָבן זיך באטייליקט אינם אונטערדריקן".

קריזשיצקי".

וועגן די שטורמישע אָקטיאַבר-געשעענישן לייענען מיר אויך אין א געהיימען „ראַפּאָרט" צום קיעווער גובערנאַטאָר. געבנדיק דאָ דעם גאנצן ראפּאָרט, וועלן מיר באמערקן, אז הען דעמדאָזיקן ראַפּאָרט, הען די אַלע איבעריקע דאָקומענטן, וואָס מיר ברייננגען, דאַרף מע אופנעמען שטאַרק פּאָרזיכטיק, קריטיש, מאַכמעס אין זיי אַלע איז דער גאנג פון די געשעענישן פאַרקריפּלט, אויסגעשטעלט, אזוי צו זאָגן, אַף א פּאָליציייאישן אופן.



דער בונדישער קאמף-צענדליק



דאָס אָרט, וואו ס׳פלעג זיך צונויפקומען דער קאמף-אָטריאַד

„געהיים

## „זיין גרויסקייט דעם קיעווער גובערנאטאָר.

פונם באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער.

„דעם 18-טן אָקטיאַבר האָבן זיך אין באַרדיטשעוו באַקומען יעדיעס וועגן די רעכט, וואָס דער קייסער האָט געשיינקט דעם רוסישן פּאָלק· צוליב דעם האָט זיך אַף בעלאָפּאָלער גאַס 2 באַטאָג צונויפגעקליבן אַ פּילטוויזנטקעפּיקער אוילעם פון אידישער יוגנט, וואָס צו אים זיינען אַלץ צוגעקומען און צוגעקומען גייע גרופן. דער אוילעם האָט זיך צע-טיילט אַף צוויי טיילן. איין טייל האָט זיך געלאָזט דורכן הינטערגעסל צו דער קאַזאַטשייסטווע, קעדיי אָנצופאלן אף איר. דאָ האָט דער אוילעם דעמאָנסטראַנטן, לויט די יעדיעס פונם אונטעראָפּיצער פונם סעלעגינסקן פּאָלק קאָראָווינען, אָנגעהויבן שטארק שרייען און ווארפן שטיינער אף די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהיט די קאזנאטשייסטווע, גע-דראָט מיט שטעקנס און געשאָסן אין די סאָלדאטן. איין קויל, וואָס די דעמאָנסטראַנטן האָבן ארויסגעשאָסן, האָט דורכגעריסן דעם שינעל דעם סאָלדאַט וולאדימיר גאָראָדעצקי. מאַכמעס דער געפאַר האָבן די סאָל-דאַטן, נאָך פיל האַזאָרעס, אָנגעהויבן שיסן און צעטריבן דעם אוילעם, דערביי זיינען אינם הינטערגעסל געבליבן צוויי דערהאַרגעטע: א מאַן און אַ פרוי; פונדאנען האָט אַ טייל פונם אוילעם זיך א לאָז געטון אין צווייטן פּאָליצייאישן אָפּטייל, וואו מע האָט געשאָסן אין די גאראדאָ-וואָיעס און סאָלדאַטן, וואָס האָבן געהאַלטן די וואך. קיין געהארגעטע און פאַרוואונדעטע איז ניט געווען. צום אָרט פון די אומאָרדענונגען זיינען גיך צוגעפאָרן דראַגונער. האָבן די דעמאָנסטראַנטן פונם הינטער-געסל אויסגעשאָסן 30 מאָל און פאַרוואונדעט דעם פערד פונם קאָרנעט כאליאפין. דעם אוילעם, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטון צו דער טפיסע באַפרייען די ארעסטירטע, האָבן די קאָזאקן צעטריבן. דאָ זיינען קיין שאָסן העון מיצאד די קאָזאַקן, העון מיצאַד די דעמאָנסטראנטן ניט געווען. אַפן סאָבאָרנעם פלאַץ האָט אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם אָנגעהויבן שיסן פון רעוואָלווערן אין עסקאדראָן דראַגונער, האָט מען אים צעטריבן מיט שווערדן, דערביי זיינען געווען 20 פאַרוואונדעטע, בעסויכאָם א פויער זשמור, וואָס דער געהילף-פּריסטאוו מיראָנאָוו, וואָס איז געווען אפן פלאַץ, האָט באַפוילן דריי גאראדאָוואָיעס אים אָפּפירן אין אידישן שפּיטאָל. אינם שפּיטאָל איז אף די גאראדאוואָיעס אָנגעפאַלן אַן אוילעם און אָנגעהויבן שלאָגן מיט שטעקנס, דערביי האָט מען פון דער שפּיטאָל-וועשעריי פיל מאָל געשאָסן. דער גאראדאוואָי איוואן לושטשיק, וואָס איז געשטאַנען אַף בעלאָפּאָלער גאַס, האָט מיט נאָך אַנדערע



זיצונג פון בונדישן קאמף-אָטריאד (פון א זעלטענער פאטאָגראפיע).



דאָס אָרט, וואו ס׳פלעגן פאָרקומען די זיצונגען פונם קאמף-אָטריאד ערעוו אקטיווע ארויסטרעטונגען.

גאָראָדאָוואָיעס זיך געלאָזט לויפן צו הילף, נאָר איז גלייך געפאַלן טויט. דאָס האָט מען אף אים געשאָסן פון דער וועשעריי, וואו ס׳האָבן זיך באַהאַלטן די דעמאָנסטראנטן, וועלכע זיינען זיך באלד צעלאָפן אין פאַרשיידענע זייטן, אַזוי אַז סע האָט זיך ניט איינגעגעבן קיינעם צו פאַרהאַלטן.

„5 אַזייגער, 45 מינוט באטאָג איז אף זשיטאָמירער גאַס געגאַנגען דער גאָראָדאָוואָי פונם ערשטן אָפּטייל פיאָטר בעזשין. האָט אַן אומבאַוואוסטער דעמאָנסטראַנט אַף אים געשאָסן דריי מאָל און דורכגעשאָסן די לינקע זייט. דעם מערדער האָט מען ניט פאַרהאַלטן און זיין פערזענלעכקייט איז ניט פעסטגעשטעלט. שפּעטער איז אף זשיטאָמירער גאַס דורכגעפאָרן די קאָזאקישע מייע. האָט אן אומבאוואוסט מיידל פון ליטוואַקס דירע אויסגעשאָסן, נאָר אומגעלונגען״.

בעשאַס דידאָזיקע דעמאָנסטראציעס האָט מען געהאַרגעט די כ׳-טע גנעסין. די לעוואיע איז געווען א פילטויזנטיקע און האָט אויסגעזען ווי א גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע. געווען איז עס אין די „קאָנסטיטוציאָנעלע״ טעג, ווען פּאָליציי האָט אביסל אָפּגעשוואַכט איר אונטערדריקונגס-אימפעט.

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די לעוואַיע איז געווען דערלויבט און ס׳האָבן אַנטייל גענומען אין איר דער שטאָט-ראָש קאָרנילאָוו און אייניקע גלאַסנע. אָט ווי ס׳ראפּאָרטירט וועגן דעם דער פּאָליצמייסטער קריזשיצקי דעם קיעווער גענעראל-גובערנאטאָר:

„דעם 19-טן אָקטיאבר, 3 באטאָג, האָט זיך צונויפגעקליבן אַ פּילטויזנטקעפּיקער אוילעם פון אידישער יוגנט צו באלייטן די אידישקע, וואָס איז דערהאַרגעט געוואָרן בעשאַס די אומאָרדענונגען. פאר דער לעוואַיע זיינען צום פּאָליצמייסטער געקומען דער שטאָט-ראָש פּאָלקאָוניק קאָרנילאָוו און די גלאַסנע: סאַוויצקי, דאָמאנסקי, קאסאוווסקי, ראזוואדאווסקי און האָבן געבעטן, אַז פונם וועג, וואו די לעוואיע וועט גיין, זאָל מען באזייטיקן די פּאַטרולן און גאָראָדאָוואָיעס, קעדיי ס׳זאָל צוליב עפּעס אַ צופאל ניט קומען צו קיין צוזאמענשטויס מיטן פּילטויזנטקעפּיקן אוילעם, וואָס איז זייער אופגערעגט מאַכמעס די פּאָריקע געשעענישן. דערביי האָבן זיי געמאָלדן, אַז בא אַזעלכע טנאָים וועט דער אוילעם זיין פולקום רואיק, אַז קיין זאַך, וואָס זאָל זיין קעגן דער רעגירונג, וועט ניט פּאָרקומען, וואָס פאר דעם זיינען זיי, דער שטאָט-ראָש און גלאסנעס, אָרעוו. צוגעגרייט אין אלע פּאָליציי-אָפּטיילן פארשטארקטע טיילן, האָט דער פּאָליצמייסטער דערלויבט דורכפירן די לעוואיע אָן דער פּאָליציי-וואַך.

אין דער לעוואיע האָבן אנטייל גענומען העכער 10 טויזנט אידן, צווישן וועלכע ס׳זיינען אויך געווען דער שטאָט-ראָש קאָרנילאָוו, דער

גלאַסנער פּיראַצקי, דער וועטערינאַר וואַסנעצאָוו, דער אַפּטייקער דאַמאַנסקי, סאָוויצקי און טריאַסונאָוו. פֿאָרויס דעם אָרן האָט מען געטראָגן קרענץ און עטלעכע רויטע פֿאָנען מיט אויפֿשריפֿטן „די געפֿאַלענע פֿאַר פֿרייהייט", „רום די אומגעקומענע פֿאַר פֿרייהייט". דער אוילעם איז געגאַנגען אַפֿן פֿעלד און פֿונדאָרטן זיך צעגאַנגען, און קיינע אויסער־געוויינלעכע פּאַסירונגען זיינען ניט געווען.

„מאַכמעס די פֿאַרשאַרפֿטע באַציאונגען צווישן דער באַפֿעלקערונג און דער פּאָליציי און קעדיי אויסמיידן ווייטערדיקע קאָרבאָנעס, האָט דער פּאָליצמייסטער, נעמענדיק אין אַכט די פֿרידלעכע שטימונג פֿונם אוילעם, ניט געפֿונען פֿאַר נייטיק צו מאַכן אַ ווערן פֿון אַזאַ אומבאַדייטנדיקער דערשיינונג, ווי עטלעכע פֿאָנען מיט אויפֿשריפֿטן, וואָס האָבן ניט קיין באַזונדערן באַטייט, און האָט דעריבער דערלויבט די לעוואַיע אָן אַ מיליטעריש־פּאָליצייאישן אויפֿזיכט. וועגן דעם אַלעם טייל איך מיט אייער גרויסקייט. באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער (אונטערשריפֿט)".

אַרכיוו פֿון קיעווער גובערנאַטאָר, נומער פֿון א״ניען 171—1905 י.

מיר האָבן שוין געהאַט דערמאַנט וועגן דעם, ווי אַזוי די באַרדיטשעווער מאַכט האָט מאַכמעס דעם „מאַניפֿעסט" עטוואָס אָפּגעלאָזט די לייצעס.

דערפֿאַר אָבער האָט זיך די באַוועגונג מיט נאָך אַ גרעסערן אימפּעט אַרויסגע־ריסן פֿונם אונטערערד, פּרואוונדיק אויסנוצן אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע מעגלעכקייטן.

דאָסזעלבע, וואָס סע האָט פּאַסירט מיטן פּאָליצמייסטער, האָט אויך פּאַסירט מיטן שטאָט־ראָש קאָרנילאָוו, וואָס האָט פּונקט אַזוי ווי דער ערשטער זיך אויך אַזוי ווי פֿאַרלאָרן, כאָטש דאָ דאַרף מען פֿעסטשטעלן, אַז דער־דאָזיקער קאָרנילאָוו איז געווען אַ גאַנץ ליבעראַלער מענטש. ווען צו אים איז געקומען אַ דעלעגאַציע און האָט אַ פֿאָדער געטון אַ גאַנצע ריי זאַכן, בעסויכאָם אויך, אַז מע זאָל אַרויספֿירן פֿון שטאָט דאָס מיליטער — וועגן דעם דערציילט אין זיינע זיכרוינעס כ׳ קאַרלינסקי, אַן אנטיילנעמער פֿון דער דעלעגאַציע — האָט ער גלייך נאָכגעגעבן.

אַנדערש אָבער האָט אַף דעם אַלעם געקוקט דער פּאָליצמייסטער, די פּאַקטישע מאַכט, הייסט עס, וואָס איז צו זען פֿונם פֿאָלגנדן „ראַפּאָרט":

„זיין גרויסקייט דעם קיעווער גובערנאַטאָר

פֿונם באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער

31/X —05
№ 892

געהיימער טייל

א ראַפּאָרט

„אַף וויפֿל מיר איז באַוואוסט, האָט דער באַרדיטשעווער שטאָט־ראָש, לויט דער פֿאָדערונג פֿון די אידן, טעלעגראַפֿיש זיך מישטאַדל געווען

פאַרן פאָרזיצער פונם מיניסטאָרן-ראַט גראַף וויטע, אַז מע זאָל פון באַרדיטשעוו אַרויספירן דאָס מיליטער, אויסער דעם אָרטיקן גאַרניזאָן, וואָס באַשטייט פונם 4-טן אָבאָז-באַטאַליאָן אין קאָנוואָי-קאָמאַנדע.

„אין דערזעלבער צייט האָט די אָרגאַניזאַציע אָפּגעשטעלט די רעוואָ-לוציאָנערע באַוועגונג בלויז אַף דער צייט פונם פּריזעת פון די רוסישע פּריזעוויניקעס, קעדיי ניט אַרויסצורופן קיין אידישן פּאָגראָם. דערנאָך מוז זיך די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע, ווי עס זאָגן מיינע אַגענטור-ידיעס, אָנהייבן מיט נאָך אַ גרעסערער קראַפט; וועגן דעם איז אויך געמאָלדן אין די פּראָקלאַמאַציעס, וואָס מע האָט נאָך פאַרן פּריזעוו צעטיילט צווישן די אידן.

„דאָרט רעדט זיך וועגן דעם, אַז מע זאָל זען זיך דערשלאָגן, אַז מע זאָל פון באַרדיטשעוו אַרויספירן דאָס מיליטער, ווייל מען דערנאָך מאַכן אַ פאָלקס-געריכט איבער אַלע דינער פון דער פּאָליציי אָן אויס-נאַם פאַר יענע מאָסמיסלען, וואָס מע האָט אָנגענומען, קעדיי אָפּהיטן די מעלוכע-אָרדענונג. אַזוי אַרום, איז די היטשטאַדלעס פונם שטאָט-ראַש קאָרנילאָוו ניט מער ווי אַ פּראָדוקט פון די באַשטרעבונגען פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט פאַרקלערט נייע רעציכעסן לעטוי-יוועס דער רעוואָלוציע. דעריבער איז, נעמענדיק אין אַכט, אַז ווען ס'וועלן אויסברעכן אין שטאָט אומאָרדענונגען, קען דער כאיל, וואָס געפינט זיך אין באַרדיטשעוו: 1) אַ באַטאַליאָן פּעכאָטע, 2) אַן עסקאַדראָן דראַגונעס, 3) צוויי מייעס קאָזאַקן זיין ניט גענוג קעדיי אונטערדריקן די אומאָרדענונגען אין אָפּהיטן די אַנשטאַלטן — דער אומבאַוואָפנטער אָבאָז-באַטאַליאָן איז ניט קיין קייעך, וואָס זאָל קענען אויפשטעלן די אָרדענונג, — בעט איך אייער גרויסקייט אָפּזאָגן די היטשטאַדלעס פונם שטאָט-ראָש אין דער פולער מאָס, אַנדערש וואָלט עס געהייסן — אָפּגעבן די גאַנצע שטאָט אינם רעשוס פון די רעוואָלוציאָנערן.

## פּאָליצמייסטער קרוזשיצקי“.

קאָמענטירן דעמדאָזיקן „ראַפּאָרט“, ווי אויך דעם פאָריקן, איז, דוכט זיך, אַן איבעריקע זאַך: אַלץ איז אַזוי אויך קלאָר.

די אָרגאַניזאַציעס, אַרבעטנדיק פּיבערדיק אין שטאָט, גרייטנדיק „אומ-אָרדענונגען“ אַפּן פּאָליציייִשן לאָשן, האָבן אויך ניט פאַרגעסן דאָס דאָרף. אין די שכיינעסדיקע דערפער פלעג די „איסקראַ“ פאַרשפּרייטן די בלעטלעך פון דער „ספּילקע“ — דידאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ מין אוקראַאיניש-פּויערשער „בונד“ אין דער ר. ס. ד. א. פּ. זומער האָבן מיר אַ ריי אומרוען אין דידאָזיקע דערפער.

אויסער דער אַגיטאַציע פון שטאָט, זיינען דאָ געווען אַקטיוויסטן, און, אַפּאָנעם, אַז סע האָט געהאלטן ערעוו אַ פויערשן צוזאמענפאָר. אַ געוויסע אָנווייזונג דערוף האָבן מיר אין דער פאָלגנדיקער טעלעגראַמע:

„טעלעגראמע, קיעוו. דעם גובערנאטאר.
פון בארדיטשעוו אנגענומען .דעם $^{24}/_{X}$—1905.

„דעם 26-טן הייבט זיך אָן אין בארדיטשעוו דער פריזעוו. אַ גרויסער צוזאמענפאָר פון פויערים. זייט אזוי וואויל און דערלויבט פארגרעסערן דעם שטאַט אַף אַכט נאַדזיראטעלעס. קריזשיצקי".

עפשער איז דידאָזיקע אינפאָרמאציע וועגן דעם פויערשן צוזאמענפאָר אַ מיטל אַף אָנצושרעקן דעם קיעווער גובערנאטאָר און אזוי ארום אויספּויעלן בא אים נאָך אַ שטאַט מענטשן?

דידאָזיקע פראגע וועגן דעם פויערשן צוזאמענפאָר האָט זיך אונז דערווייל נאָך ניט איינגעגעבן קלאָר מאַכן. וועלן מיר פאָרשן ווייטער.

אויסער דעם שטאָט-ראָש, דעם פּאָלקאָווניק קאָרנילאָוו, האָט נאָך איין קאָרנילאָוו געהאַט אַ שאיכעס צו בארדיטשעוו: דאָס איז דער מאָסקווער האָפמייסטער קאָרנילאָוו, וואָס אים האָט געהערט דער בארדיטשעווער צוקער-זאַוואָד. האָבן אים די בארדיטשעווער „אומאָרדענונגען", די רעוואָלוציע, נעבעך שטאַרק אָנגעשראָקן און ער האָט טעלעגראפירט פון מאָסקווע דעם קיעווער גובערנאטאָר. אָט איז דידאָזיקע טעלעגראמע:

„טעלעגראמע. קיעוו. דעם גובערנאטאר.
פון מאסקווע אנגענומען $^{31}/_{X}$—1905.

„כ'בעט אייער גרויסקייט ניט אָפּזאגן, אז מע זאל אין באַרדיטשעוו אַף אונזער צוקער-זאוואָד גלייך צעשטעלן צוואנציק קאזאקן אָדער אַ שטענדיקע שמירע פון דראגונער. שפּייז, פוראַזש, מיט איין וואָרט — אַלץ, וואָס איז נייטיק, וועט דער זאוואָד אַריינטראָגן. דער איניען איז אָן אייליקער און ניט אָפּצולייגן. אַנטשולדיקט פאר באַאומרואיקן. זאָגט ניט אָפּ מיר געבן צו וויסן קיין מאָסקווע אין דער קאָנטאָר פון דער גרויספּ־רסטן יעליזאוועטע פיאָדאראווונע. האָפמייסטער קאָרנילאָוו".

ס'אַראַ „העפלעכע" באַאומרואיקייט!

די „קאָנסטיטוציאָנעלע" צייט האָבן די בארדיטשעווער אַרבעטער געפּרואווט אויסנוצן צוליב דער אָרגאַניזאַציע פון פּראָפאריינען. די ערשטע האָבן זיך אָרגאניזירט די פּריקאַזטשיקעס, קאָנטאָרשטשיקעס און בוכהאלטערס, וואס זייער צאל האט דעמאלט אויסגעמאַכט אַ צוויי טויזנט מענטשן אַוואַדע. מע האט אויסגעוויילט אַ ביוראָ, ארגאַניזירט אַ קלוב, אַ ביבליאָטעק. ענלעכע אָרגאַניזיר-פּרואוון זיינען אויך געווען באַ אנדערע פאַכן.

אָנגעהויבן פון דער צווייטער העלפט נאָיאַבר, האָט די שטרייקן-כוואליע זיך ווידער אַ הייב געטון.

„דעם $16/_{XI}$ האָבן געוואָרפן די אַרבעט די פאָסט-און טעלעגראַף-ארבעטער. דעם $17/_{XI}$ איז אפן „פראָגרעס" געווען אַ סכאָדקע פון 500 אַרבעטער. די רעדנער האָבן גערעדט וועגן דער נייטיקייט פארייניקן די קראפט פון די ארבעטער, וועגן קאמף פארן אַכטשאָעדיקן אַרבעט-טאָג, וועגן ערד פאר די פויערים, און האָבן דערקלערט, דעם זין פון די פרייהייטן, וואָס מע האָט פובליקירט דעם $17/_{X}$".

„דעם $25/_{XI}$ האָבן פארשטרייקט די ארבעטער אַף שליינקערס לעדער-זאוואָד, פאָדערנדיק 25 פראָצענט הויסאָפע און 8 שאָ אַרבעט".

וועגן דעם, ווי אַזוי ס'האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט די באוועגונג אין דעקאבר-כוידעש איז צו זען פון דער פאָלגנדער מיטיילונג — וועגן דעם, ווי קריטיש, ווי פאָרזיכטיק מע דאַרף אופנעמען די פאָליצייאישע מיטיילונגען, האָבן מיר שוין געהאט דערמאַנט. —

„מיניסטעריום פאר אינער-איניאָנים
קיעווער גובערנאַטאר
געהיימער טייל
22 דעק. 1905
№ 6308

דעם גענעראל-גובערנאַטאר
פון קיעווער, פאָדאָלער און
וואָלינער גובערניעס.

„דער באַרדיטשעווער פאָליצמייסטער האָט מיר מיטגעטיילט, אַז דעם 11-טן דעקאַבר באנאכט האָט מען באקומען יעדיעס וועגן דעם, אַז די אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען קעגן דער רעגירונג, זיינען צוגעטראָטן צו אַ שטאַרקער אַגיטאַציע פאר אַ שטרייק. דעם 12-טן פון פרי-אָן האָט זיך דאָס געשעפטלעכע לעבן פון באַרדיטשעוו אָפּגעשטעלט. אַלע האַנדלס-געשעפטן זיינען פארמאכט. די וואַרשטאַטן האָבן געוואָרפן די אַרבעט. אַף די גאַסן האָט זיך באוויזן אַ גרויסער אוילעם ליידיקגייער. דעם 12-טן זיינען קיין צוזאמענשטויסן ניט געווען. דעם 12-טן דעקאבר זיינען די סאָציאַלדעמאָקראַטן און סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן אַרומגעגאַנגען איבער די פאַבריקן און זאַוואָדן, וואו מע האָט נאָך געאַרבעט, קעדיי אַראָפּנעמען פון דער אַרבעט. אַף אייניקע אונטערנעמונגען האָט מען די פאָדערונגען פון דידאָזיקע אָרגאַניזאַציעס אויסגעפירט. אינם זעלבן טאָג האָבן אופגעהערט אַרבעטן די גרויסע פאבריק-אונטערנעמונגען: קאָרנילאָווס צוקער-זאוואָד און דער „פראַגרעס".

„דעם 14-טן דעקאַבר זיינען די מאַגאַזינען געווען נאָך פארמאכט, בלויז קליינינקע קלייטלעך האָבן אין אייניקע טיילן פון שטאָט אונטערגעהאנדלט. קעדיי צו דערגרייכן דעם ציל, מיעסן זיך ניט די אַגיטאַטאָרן

פאר קיינע מיטלען. פראָקלאמאציעס מיט אַ האָזעדיקן אינהאַלט און מיט אַ רוף צום לעצטן באוואָפנטן קאַמף צעטיילט מען אין די גרויסע צאָלן איבער די הענט און מע צעקלעפט אַף די הייזער, פלויטן א. א. וו. די שטימונג פון די אידן איז העכסט געשפּאַנט. מאַכמעס דער ניט געוווגנקייט פון מיליטער, איז די ראָל פון דער פּאָליציי דעריקער ניט צו דערלאָזן, אַז דער ליידיקגייערישער אוילעם זאָל זיך קלייבן. באַ-זונדערס ענערגיש אַרבעטן אין דעם פראַט די קאָזאַקן, וואָס בלויז זייער אָנקומען צעזייט די אידן איבערן גאַנצן שטעטל. דער באַטאַליאָן פונם סעלענגינער פּאָלק העלפט מיט דער פּאָליציי אין דער פולער מאָס. באקעמפן די אַגיטאַטאָרן און די צעשפּרייטער פון פראָקלאמאציעס באַם איצטיקן באשטאנד פונם מיליטער אין באַרדיטשעוו איז פיזיש אַן אומעגלעכע זאַך.

„קעדיי צו פארשטארקן דאָס מיליטער, וואָס איז באַשטימט מיטצוהעלפן דער בירגערלעכער מאַכט, איז דעם 15-טן אָנגעקומען פון זשיטאָמיר אַ ווזוואָד פון אַ פערד-באַטערייע און צוויי האַרמאַטן.

וועגן דעם אלעם טייל איך מיט אייער גרויסקייט און גיב צו דערביי צוויי פראָקלאמאציעס מיט אונטערקעפלעך „סאָלדאטן" און „צו אלע אַרבעטער פון באַרדיטשעוו" און אַ געדרוקטע נאָטיץ פונם 14-טן דעקאבר.

גובערנאַטאָר גענעראל-מאיאָר (אונטערשריפט)".

„באַקעמפן די אַגיטאַטאָרן" — איז טאַקע געווען „פיזיש אַן אומעגלעכע זאַך" באַ דער גרויסער אָרגאניזירטקייט און רירעוודיקייט פונם באַרדיטשעווער „בונד". באַ אָט דעם שטורמישן קאַמף-לוסט, וואָס האָט באַהערשט די גאַנצע מאסע, איז טאַקע געווען אַ שווערע זאַך „באַקעמפן די אַגיטאַטאָרן"

דעם 14-טן דעקאבער האָט דער פּאָלקאָווניק שווינדט געמאָלדן דער באַפעלקערונג:

## אַ מעלדונג

„כ'לאַד איין אלע באַלעבאַטים פון די האנדלס-געשעפטן עפענען די מאגאזינען, קלייטן, האנדלען און אויספירן אויך אנדערע אָפּעראַציעס; די אָנגעשטעלטע אין דידאָזיקע געשעפטן, אַזוי אויך די אַרבעטער פון די פאבריקן, זאוואָדן, וואַרשטאטן און ענלעכע אונטערנעמונגען — זאָלן צוטרעטן צו זייערע געוויינלעכע באַשעפטיקונגען. כ'בין מאַזהיר, אַז אַלע פּרואוון פון בייזוויליקע פארשוינען שטערן דעם ריכטיקן גאנג פונם לעבן וועט מען אונטערדריקן מיט דער קראַפט פון געווער.

פארטרעטער פונם הויפּט-קאָמאנ-
14 דעקאבר 1905. דיר פון דער אויסעראָרדנטלעכער
שמירע פּאָלקאָווניק שווינדט".

דעם 15-טן האָט דער „בונד" גערופן די ארבעטער מע זאָל ענדיקן דעם שטרייק. האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן.

דעם 17-טן האָט מען ארעסטירט 13 מענטשן, וואָס מע איז זיי כוישעד, אז זיי געהערן צום ביוראָ פונם פראָפאריין פון די פריקאַזטשיקעס, קאָנטאָר-שטשיקעס און בוכהאַלטערס.

דעם 20-טן דעק. האָט די עלעקטריע-סטאַנציע, מאכמעס דעם מאַנגל אין האָלץ, אופגעהערט אַרבעטן.

דעם 21-טן האָבן פארשטרייקט די שולן.

דעם 23-טן האָט די בארדיטשעווער מאַכט דערהאלטן דורנאָוואָס באפעל פונם 17-טן דעק: „אַף שאָסן דארף דער מיליטער ענטפערן מיט שאָסן און צונישט מאכן יעדן מינדסטן פרואוו פון אַ באוואָפנטן אופשטאנד".

האָט זיך די בארדיטשעווער מאַכט גענומען פאר „צונישט מאכן יעדן מינדסטן פרואוו".

אָט אין אַזעלכע באדינגונגען פון שטייגנדיקער רעאַקציע איז אין בארדי-טשעוו אַנטשטאַנען „דער ראַט פון אַרבעטער-דעפוטאטן". צו אונזער גרויסן באדויערן האָט זיך אונז, מאַכמעס דער אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פונם דאָזיקן ראַט כ׳ ד"ר פליך איז איצט אויסער בארדיטשעוו, ניט איינגעגעבן פעסטשטעלן, ווי אַזוי ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער היגער ראַט און ווי אַזוי האָט ער געאַרבעט. עמעס, דער ראַט האָט געהאַט, ווי ס׳גיבן איבער כאוויירים, ניט מער פון צוויי זיצונגען און האָט עקזיסטירט גאָר אַ קליין שטיקל צייט: אויב ניט קיין שאָען, איז געציילטע טעג.

דאָס פארמינערט אָבער ניט, פארשטייט זיך, די נייטיקייט אויסצופאָרשן אַלץ, וואָס איז אַזוי אָדער אנדערש נויגייע דעם ראַט,—אָט די גרויסע קאַמף-אָרגאניזאַציע, וואָס די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע האָט געבאָרן אַפן שפּיץ פון אירע גרויסע, הערויִשע אָנשטרייענגונגען.

מיר האָפן אינגיכן באַקומען פונם כ׳ פליך אַן אויסשעפנדיקן מאַטעריאַל וועגן דעם ראַט און אויך וועגן דער טעטיקייט פון דער היגער „איסקראַ", וואָס איינער פון אירע גרינדער און אַקטיווע טוער איז ער געווען, און דאַן וועלן מיר זיי פאַרעפנטלעכן אין „די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער אַרבעטער-באַוועגונג אין באַרדיטשעוו", וואָס דער היגער היסטפארט גרייט איצט צו.

אַלזאָ, אין די באדינגונגען פון אַ שטייגנדיקער רעאַקציע אנטשטייט אין באַרדיטשעוו דער ראַט פון אַרבעטער-דעפוטאַטן, צונויפגעשטעלט פון פאָר-שטייער פון ארבעטער און פּאָליטישע גרופן.

ווען ס׳איז דערקלערט געוואָרן, צוליבן אַרעסט פונם פעטערבורגער ראַט, דער אַלרוסלענדישער שטרייק, האָט דער באַרדיטשעווער ראַט גערופן אַלע אַרבע-טער צושטיין צו דער באַוועגונג, „קעדיי איבער דער נעווילע פון דער

זעלבסטהערשונג איבערשפּאַנען צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג”. דעם אופרוף פונם ראַט גיבן מיר צווישן די דאָקומענטן באַם סאָף פון ביכל.

דעם 24-טן דעקאַבר טיילט מיט דער באַרדיטשעווער פּאָליצמייסטער דעם קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר, אַז „די באַרדיטשעווער באַפעלקערונג גרייט זיך צום לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף דעם ערשטן יאַנוואַר 1906” און בעט, אַז מע זאָל ניט פאַרקלענערן דעם כאַיל.

דעם 28 דעקאַבר טיילט מיט די זשאַנדאַרם-פאַרוואַלטונג, אַז „אין באַר-דיטשעוו האָט אויפגעהערט אַרבעטן די עלעקטריע-סטאַנציע. די באַפעלקערונג איז פיינטלעך געשטימט צו דער פּאָליציי און מיליטער, די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע האָט זיך פאַרשטאַרקט”.

דעם 24-טן דעקאַבר באַפוילט דער קיעווער גובערנאַטאָר דעם נאַטשאַלניק פונם באַרדיטשעווער גאַרניזאָן אַז „מע זאָל מיט דער קראַפט פון געווער אַפּן אַנטשיידנסטן אויפן אונטערדריקן די אומאָרדענונגען, ווי ס'האָט באַפוילן דער מיניסטער: אַף שאָסן ענטפערן מיט שאָסן”.

דער 30 דעקאַבר באַפוילט קיעוו „אַנטוואָפענען די באַרדיטשעווער אַרבע-טער, פּאָרזיכטיק, אָבער באַשטימט און אַנטשיידן”.

האָט זיך די באַרדיטשעווער מאַכט געניײטיקט אין אַזאַ אָנווייזונג פונויבן?

האָט זי אַליין נאָר פריער זיך ניט גענומען דערפאַר „פּאָרזיכטיק, באַ-שימט און אַנטשיידן”?

די רעוואָלוציע איז ווידער אונטער דער ערד.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן, אַזוי איז געגאַנגען און אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דאַס 1905-טער יאָר אין באַרדיטשעוו.

אינם גרויסן בוך פון העראָישע אָנשטריינגונגען, אינם גרויסן בוך פון קאַמף — אַ ערלעך בלעטל.

סיאָמע

# זיכרוינגעס

## באם וויגעלע פון „בונד"

אין די יאָרן 98—1897, ווען ס'האָט זיך גענומען אויסבילדן בא מיר מיין סאָציאַלדעמאָקראַטישע וועלט-אנשויאונג, בין איך געווען אַן עקסטערן און גע-לעבט פון לעקציעס.

ווי אַזוי בין איך אַליין געוואָרן אַ מארקסיסט?

צווישן דער ליטעראטור אין דער בארדיטשעווער ביבליאָטעק זיינען געווען פאַרשיידענע מאַרקסיסטישע ביכער און אויך פעריאָדישע ליטעראטור.

איז דעמאָלט געווען אַ מינעג אונטערשטרייכן באם לייענען די סאַמע מאַרקסיסטישע ערטער, די גרונט-געדאַנקען, די וויכטיקסטע האַנאָכעס אוכע-דוימע. אַזוי פלעג איך טון. אזוי פלעגן טון אויך אַנדערע לייענער.

אין דער צייט איז קיין בארדיטשעוו אָנגעקומען מישע דער האָמלער. דערדאָזיקער כאַווער איז שוין געווען אַ סאָציאלדעמאָקראַט און איז געקומען קיין בארדיטשעוו מיט אנטשפרעכנדיקע צוועקן. אגעוו, שפעטער איז ער אנט-רונען געוואָרן קיין אויסלאנד, וואו ער האָט אַקטיוו מיטגעארבעט אין וולאַ-דימיר פאָסעס „לעבן".

געקומען קיין בארדיטשעוו, האָט מישע קוידעמקאָל באזוכט די ביבליאָטעק, און האָט זיך טאקע גלייך אָנגעשטויסן אַף די אונטערגעשטראָכענע מאַרקסיסטישע ערטער אין די ביכער. איז אים דער פאַקט געוואָרן ציקאַווע און ער האָט אָנגעהויבן שפירן נאָך די אונטערשטרייכער און אויך נאָך מיר. אזוי איז דורכ-געגאנגען א שטיקל צייט, ביז מיר האָבן זיך באקאנט און זיך פאַרבונדן צוליב געמיינזאַמער אַרבעט.

מישע האָט מיר דערציילט וועגן דעם, אַז דער צוועק פון זיין קומען איז צו שאפן אין בארדיטשעוו א סאָציאלדעמאָקראטישע גרופע, האָט מיר איבערגעגעבן ליטעראַטור, דעריקער די זשורנאלן „די זאך פונם אַרבעטער" („рабочее дело"), און האט מיך צונויפגעפירט מיט די כ"כ נאכקע און באָריס פוקס (מארגאלין, איצט א מיטגליד פון קאָמ. פארטיי אין אָדעס). אגעוו, וועגן נאכקען, וואָס האָט באַם וויגעלע פון דער היגער ארבעטער-באוועגונג געשפילט אזא וויכטיקע

ראַלע און איז אין אַלגעמיין געווען אן אויסגעצייכנטער כעוורעמאַן, איז מיין מיינונג, אז ער איז אָנגעקומען קיין באַרדיטשעוו (אין די יאָרן 7—96) שוין ווי א נאַראָדאָוואָלעץ. אַזוי איז ער דעמאָלט געווען געשטימט, מאַכמעס שפּע-טער מיט א 4—3 יאָר האט ער זיך א נויג געטון צו די עסערן. כוצדעם, איז זיין ברודער, לייזער דער פאַלצער, אויך געווען א נאַראָדאָוואָלעץ און האָט געהאַט אַפילע אָרגאַניזירט א נאַראָדאָוואָלטשעסקע גרופּע אין זשיטאָמיר. נאָר דאָס איז דערעך-אַגעוו.

ווייטער געדיינק איך, ווי מישע האַמלער האָט מיך אַריינגעפירט אַף מאָס-טאָווע גאַס עפּעס אין א קעלער, וואו איך האָב זיך געטראָפן מיט נאַכקען, באַריסן און אויך מיט א פּוילישן גאַרבער יאַנעק. דאָרטן האָבן מיר אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אז מיר טרעטן צו צו דער אַרבעט, דערביי האָבן נאַכקע מיט באָריסן געזאָגט, אז זיי וועלן מיר צושטעלן אַרבעט, וועלכע איך, דער אינ-טעליגענט, הייסט עס, זאָל באַארבעטן.

אין א קורצער צייט אַרום איז אין אונזער קרייז געווען שוין א מאַן 15—12. פון די כאַוויירים געדיינק איך פּאָלגנדיקע: 1) צוויי ברידער יאַסנאָגאָראָדסקיס (שלעסער), 2) לייזער שלאָסער, 3) מוישע שעפּסל (א בלעכער), 4) דאָוויד ליטינסקי (דאַוויד וויזעלע, א וואַלקער), 5) דאָוויד דער אַלטער (וואלקער), 6) דאָוויד דער פּוילער (וואלקער) א. א.

ס'איז דורכגעגאַנגען נאָך א שטיקל צייט, און מיר האָבן שוין געהאַט עט-לעכע קרייזן. געווען איז עס שוין 1899 — אָנהייב 1900, איידער נאָך קיין באַרדיטשעוו זיינען אָנגעקומען דאָוויד שלאָסבערג (סאלאָמאָן) פון זשיטאָמיר און די ביידע אַלטערס, אלטער דער לאַנגער און אַלטער דער קליינער, וואָס האָבן דאָ געשפּילט א גרויסע ראָל.

ווי אזוי-זשע האָבן מיר געפירט די אַרבעט אין די קרייזן?

איך אליין, ווי א באַרדיטשעווער, האָב, פאַרשטייט זיך, פאַרשטאַנען אידיש. מאַכמעס דעם אָבער, וואָס איך פלעג מיינע יעדיעס שעפּן פון דער רוסי-שער ליטעראַטור, און מאַכמעס דעם ניט קענען די אידישע ליטעראַטור, פלעג איך אויפקלערן די כאַוויירים אַף רוסיש, און, אגעוו, דער כ׳ מישע האַמלער האָט אויך קיין אידיש ניט געקענט, און די אַרבעט דאָס שטיקל צייט, וואָס ער איז געווען אין באַרדיטשעוו, האָט ער אויך געפירט אַף רוסיש.

פלעגן טאַקע די אַרבעטער אונז זייער שלעכט פאַרשטיין. באַזונדערס ביטער אָבער איז געווען מיטן לייענען. די יעניקע כאַוויירים, וואָס האָבן שוין יאָ געקענט לייענען רוסיש, זיינען אָבער ניט אימשטאַנד געווען צו באַנעמען א רוסיש ביכל.

גראַדע צו דער צייט זיינען צו אונז צוגעשטאַנען צוויי אַרבעטער הענטשקע-מאַכער—איטשקע און מישע. דידאָזיקע צוויי כאַוויירים זיינען געווען פון דער ליטע און זיינען גראָד אין דער צייט געפאָרן אהיים אף א שטיקל

צייט. פילנדיק א נויטווענדיקייט אין אידישע ליטעראטור און ווייסנדיק, פאר-שטייט זיך, וועגן דער ארבעט פונם ליטווישן „בונד", האָבן מיר געמאכט א פּלעט, צונויפגעקליבן עטלעכע קערבלעך און באפוילן די כאוויירים, זיי זאָלן מיט זיך פונדאָרטן מיטברייגגען פארשיידענע ליטעראטור. און קאכאווע: איטשקע און מישע האָבן פון דער היים געבראכט מיט זיך „די פיר ברידער", „די פליגן און די שפינען", „די סכירעס" און „לאנג און מאָגער".

צי קענט איר זיך איצטער פאָרשטעלן, כאוויירים, מיט וואָס פאר א דורשט, מיט וואָס פאר א פייער אונזערע ארבעטער האָבן אָנגעהויבן שלינגען דידאָזיקע פּאָשעטע פארשטענדלעכע ביכלעך?!

אונזער אופקלער-ארבעט איז אוועק פיל לעבעדיקער, און אף דער פאר-זאמלונג, וואָס מיר האָבן געהאט סימכעס-טוירע 1900-טן יאָר — איז שוין גע-ווען הונדערט מענטשן.

אַזוי זיינען מיר מאכמעס דער איינפאכער נויטווענדיקייט, אָן קיין טעאָ-רעטישע איבערקלערענישן, אָן א וועלכער ס'איז „זעלבסטבאשטימונג" פון דער נאַציאָנאלער פראגע, ארוף צוליב דעם סאָציאַלדעמאָקראטישן ציל אפן בונ-דישן וועג.

שלוגלייט

— — —

# ווי אזוי בא אונז איז אנטשטאנען די „באַרדיטשע-ווער אָרגאניזאציע פון ר. ס. ד. ר. פּ."

זומער 1903 האָב איך זיך אומגעקערט פון ווין קיין באַרדיטשעוו.

צוגעשטאַנען אין ווין צו דער „איסקרא", האָב איך דאָרטן פארן אָפּפאָר קיין באַרדיטשעוו אָפּגעמאַכט מיטן כ' וועגמאן, מיטן פאָרשטייער פון ווינער גרופּע, הייסט עס, אַז ווי נאָר איך קום קיין באַרדיטשעוו, אַזוי נעם איך זיך גלייך צו שאַפן אין באַרדיטשעוו אַ גרופּע. אויך האָב איך אים געגעבן אַן אַדרעס פאַר ליטעראטור און קאָרעספּאָנדענץ.

געקומען קיין באַרדיטשעוו, האָב איך זיך דאָ דערוואוסט פונם כ' נע-בראט, — דעמדאָזיקן כאווער מיט נאָך אייניקע באַרדיטשעווער האָב איך גע-קענט נאָך פון פריער און האָב, אגעוו, פאַרבראַכט מיט זיי אַ שטיקל צייט אין אָדעס, וואו מיר האָבן געהאַט אַ מין זעלבסטבילדונג-קרייזל — אז אין באַרדיטשעוו איז שוין אלץ גרייט פאַר אן „איסקרא". איבער עטלעכע טעג איז אין זיין דירע געווען אַ פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער עס זיינען געווען פאָלגנדע כאוויירים: 1) דר. פליך, 2) נעבראט, 3) איציק שוסטער (אָנגעקומען פון דאָרעם), 4) ליובע, 5) ראָבערט און 6) איך.

אַף דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג האָט מען גערעדט וועגן דעם, אַז דער „בונד" איז בלויז אַ נאַציאָנאַלע פאַרטיי, אַז ער ארבעט בלויז צווישן די אי-דישע ארבעטער, אַז די ארבעטער פון די גרויסע פאבריקן און זאַוואָדן, ס'ראָוו רוסישע און פוילישע, זיינען אזוי ווי פאַרלאָזט, אז מע דארף שאפן אַן „איסקראַ". און ס'איז טאַקע באשלאָסן געוואָרן צו שאפן אין בארדיטשעוו אַזאַ גרופע.

כילוקע-דייעס און וויקוכים האָט ארויסגערופן די פראַגע, ווי אזוי אָנצו-רופן די נייע אונטערנעמונג. אָנרופן זי „גרופע", האָבן מיר געפונען, אַז ס'איז וויניק; אָנרופן „קאָמיטעט" — האָבן מיר געפונען, אַז מיר האָבן נאָך, מאכמעס דער קליינער צאָל, קיין רעכט ניט דערוף. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר הייסן „בארדיטשעווער אָרגאַניזאַציע פון דער רוסל. סאָצ. דעמ. ארב. פאַרטיי".

האָבנדיק, ווי א לערער. פאַרבינדונגען צווישן דער אינטעליגענץ, האָט זיך אונז איינגעגעבן שאַפן אייניקע גרופן צווישן זיי.

לעכאַטכילע זיינען אונזערע באציאונגען מיטן „בונד" געווען פריינטלעכע. מיר זיינען געווען שוואך, דער „בונד" אין פאַרגלייך מיט אונז — מעכטיק, פלעג ער אונז מיטהעלפן מיט ליטעראַטור אוכעדוימע. דאָס איז עפשער צו דערקלערן דערמיט, וואָס דער „בונד" איז געווען איבערצייגט, אַז מיר וועלן ארבעטן בלויז צווישן די רוסישע ארבעטער.

גיך אָבער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אויך אידישע ארבעטער ציען צו אונז. צו אונז האָבן אָנגעהויבן צושטיין אידישע ארבעטער. איז עס, פאַרשטייט זיך, גלייך ניט געפעלן געוואָרן דעם „בונד", און עס האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען צווישן אונז.

כ'געדיינק אַזאַ פאַל: צום „בונד" איז דעמאָלט געקומען אַ מענטש פון צ. ק., אַ שטאַרקער רעדנער. האָבן זיי איינגעאָרדנט אַ דיסקוסיע און איינגע-לאַדן אונז, ניט זאָגנדיק אונז וועגן זייער גאסט.

געקומען אף דער פאַרזאַמלונג — די פאַרזאמלונגען זיינען פאָרגעקומען אף דער קליינער יורידיקע און געווען איז דאָרטן אַ מענטשן 60 — און זיך דער-וואוסט וועגן דעם, האָבן אונזערע גלייך באשלאָסן, מאכמעס דער איבערוואָג פון קרעפטן אפן בונדס זייט, ניט ארויסטרעטן.

אָנגעהויבן דעם אָוונט האָט דער פאָרשטייער פון צ. ק. מיט אַ פאָרטראַג וועגן דער נאַציאָנאַלער פראגע. דער שווער-פונקט פונם פאָרטראג איז געווען דער געדאנק, אַז בלויז דער „בונד", ווי דער „איינציקער פאָרשטייער" פונם אידישן פראָלעטאריאַט, האָט רעכט צו פירן די ארבעט צווישן די אידישע אַרבעטער. פאָלעמיש איז דער פאָרטראַג געווען אַזוי געבויט, אַז מע זאָל אונז אַרויסרופן. איז טאַקע אזוי געווען: מיר האָבן ניט אויסגעהאלטן אונזער בא-שלוס און זיינען ארויסגעטראָטן.

אַפריער האָט גערעדט דער כ' ראָבערט, דערנאָך — איך.

ארויסטרעטנדיק, האָבן מיר, פארשטייט זיך, לעכאַטכילע געמאָלדן וועגן דעם, אַז מיר רעדן ניט אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר, אַזוי צו זאָגן, פריוואט. דער גרונט-געדאַנק פון אונזערעביידע ארויסטרעטונגען איז געווען, אַז דער נאַציאָנאַליזם איז אַ קאָנסערוואטיווע זאַך און רעאַקציאָנער.

דער רעדנער פונם צעקאַ איז געווען אַ שטאַרקער רעדנער און פּאָלעמיסט, די אטמאָספער אַף דער פארזאמלונג — אינגאַנצן אַ בונדישע, און אונזער ארויסטרעטונג האָט דעריבער געהאט אַ קנאַפּן ערפאָלג. אייניקע מיטפילנדיקע האָבן זיך אַפילע אַ וואַקל געטון...

לעכאַטכילע איז אונזער אָרגאַניזאַציע באשטאַנען בלויז פון אידן. איז טאַקע דעריבער אונז געווען שווער אריינדרינגען אַף די גרויסע אונטערנעמונגען. בלעטלעך האָט געדרוקט דער כ׳ איסאק, און מיר פלעגן זיי פארשפרייטן אין אַ היפשער צאָל.

כ׳געדיינק, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די רוסיש-יאפּאָנישע קריג, האָבן מיר איבערגעדרוקט דעם לייט-אַרטיקל פון „איסקראַ״ און פאַרשפרייט אים צווישן די ארבעטער.

צוטרעטן צו דער ארמיי איז לעכאַטכילע געווען אומעגלעך. זיינען מיר מיט דער צייט געפאַלן אַף אַ סייכל: דעם טאָג, ווען מע האָט געדארפט פירן די סאָלדאטן אין באָד, פלעג עמעצער פון אונז אריינכאפּן זיך אהין און אי-בערלאָזן דאָרטן בלעטלעך.

אין מאַרט 1904 בין איך געפאָרן קיין זשיטאָמיר, קעדיי צו פארבינדן זיך מיט די דאָרטיקע כאוויירים און אויך זען בא זיי אַוועלכע סע ניט איז שטיצע פאר אונז. אָבער אויך דאָרטן איז די לאגע געווען ניט קיין פויגלדיקע. געווען איז דאָרטן אַ קליינער קרייז פון עטלעכע מענטשן, בעסויכאָם אויך דער זון פונם דר. ביקאָוו. ליטעראטור האָבן זיי פאַרמאָגט נאָך ווייניקער ווי מיר. און לע-גאַבע דעם „בונד״ זיינען זיי געווען אין אזא לאגע, ווי מיר אין באַרדיטשעוו.

בעשאס-מאיסע, ווען איך בין, הייסט עס, געווען אין זשיטאָמיר, איז אין באַרדיטשעוו גאָר צופעליק דורכגעפאַלן אונזער דרוקעריי. פאָרגעקומען איז עס אַזוי: אונזער דהוקעריי האָט זיך געפונען באַ איינעם אַ כאַווער ריזשיק. בישכיינעס מיט אים האָט אויך געוואוינט עפּעס אַ פאַרדעכטיקער פאַרשוין, אַפּאָנעם אַ קרימינעלער, יעדנפאַלס ניט קיין פּאָליטישער. איז אָט די פּאָליציי, קומענדיק אויסצופאָרשן דעמדאָזיקן פאַרשוין, האָט זיך צופעליק אָנגעשטויסן אַף אונזער דרוקעריי.

דער כ׳ ריזשיק איז בעשאַס-מאיסע ניט געווען אינדערהיים. זיך דערוואוסט וועגן דעם דורכפאַל, האָט ער אַהיים זיך שוין ניט אומגעקערט.

דעם 14-טן מארט האָב איך זיך אומגעקערט קיין באַרדיטשעוו. געקומען, האָב איך זיך געלאָזט גיין צו אַלטער דעם לאנגן, זיך צונויפריידן מיט אים מיקויעך דער דרוזשינע, וואָס מע האָט געהאלטן דעמאָלט שאפן אין שטאָט.

נאָר דאָ האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם, אַז באַנאַכט קלייבט זיך פּאָליציי מאַכן גרויסע אונטערזוכונגען. מאַכמעס דעם, וואָס בא מיר אינדערהיים האָב איך געהאט זשיטאָמירער אדרעסן נאָך ניט קיין שיפּרירטע, האָב איך זיך גלייך געלאָזט אַהיים, און מיר האָט זיך טאַקע איינגעגעבן באוואָרענען דעם גאַנצן „טרייף-פּאָסל" אויסער זיך, מאַכמעס באנאכט האָט מען מיך טאַקע אַרעסטירט.

אין טורמע זיינען מיר געווען 12 מענטשן: 8 ס.ר.-ן און 4 — אַנדערע. ניט וויסנדיק צו וואָס פאַר אַן אָרגאַניזאַציע יעדערער פון אונז געהערט, האָט די פּאָליציי אונז אלעמען פאַרעכנט פאר בונדאָוצעס. מיך — פֿאַרן אָרגאניזאַ-טאָר פון היגן „בונד". אַרעסטירט זיינען געווען: דר. נעבראט, לודוויג, קאר-בוט און אדעלע געלער — „איסקראָווצעס"; שאפּירא, בלינדער באָרל, כאים בארא‍ק, עטקע, פאטאנאָווסקע און נאָך, ווענענס פאַמיליע איך געדיינק איצט ניט — עסערן.

אויסער דידאָזיקע עסערן, זיינען נאָך געווען ארעסטירטע צוויי עסערן, די ברידער ראכימאָוויטש, וועלכע מע האָט געהאלטן אין אַ באזונדער קאַ-מער. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז זיי האָט אַרויסגעגעבן דער פּראָוואָ-קאַטאר באָריס זאַק. ווען מע האָט נאָכדעם געבראכט צופירן אונזער אַ כאוור סטעפּאַן, וועלכן מיר האָבן געהאַט צוגעצויגן צו זיך פון די עסערן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אויך אַ פּראָוואָקאַטאָר.

הערשמאַן

— — —

## עטוואס וועגן אונזער קאמף-אָטריאד

(דעם ליכטיקן אָנדיינק פון כ׳ מאָטל טשודנאָווער)

אונזער קאמף-אָטריאד איז געשאפן געוואָרן הארבסט 1903-טן יאָר.

מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז ביז דאן האָבן מיר ניט פאַרמאָגט קיין קעמפער. אדעראבע: קעמפער האָבן מיר נאָך ביזן קאמף-אָטריאד פארמאָגט, און נאָך וואָס פאר א יונגאטשעס!

ווער פון די באלעבעסלעך-אַקשאָנים, פון די, הייסט עס, וואָס פלעגן זיך איינאַקשענען בא א שטרייק, האָט עס ניט איבערגעפילט אף זיך די שטאַרקע האנט פון א כאַים-סראָל קוליש, פון סראָליקן די גרויסע בודקע, פון סראָליקן די קליינע בודקע, פון אַווראָם סימע-פריידעס, פון נאָכעם לאַפּאצאן, פון ראכמיעל כארדיקער, פון ארן ליטווין, פון איסראָל טשארנע און נאך און נאָך כעווראקעס?! יאָ: כעווראקעס-קעמפער האָבן מיר שוין טאקע געהאט און

אפילע איבערגענוג. דאָס זיינען אָבער אלץ געווען אזוי ווי פארטיזאנער, מיט קאלט געווער, אָבער ניט קיין „רעגולערע ארמיי", אין דער צייט ווען די גאנצע לאַגע, די פּאָגראָמען, די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אָנרוקן אין לאנד, האָבן פאַרלאנגט אַן אָרגאניזירטע זעלבסטפארטיידיקונג פון אונזער זייט. אָט צוליב דעם אלעם טאקע האָט דער צ. ק. פון „בונד" באפוילן אלע זיינע אָרגאניזאציעס צוטרעטן צו שאפן געהעריקע קאמף-אָטריאדן. בא אונז אין בארדיטשעוו איז פאָרגעקומען אַזוי:

אַלע פּאָליטישע „סכאָדקעס" — די פּאָליטישע „סכאָדקעס אָדער נאָך „קאָלעקטיוון", ווי זיי האבן אנדערש געהייסן, זיינען עס געווען יענע גרופּן, וואָס האָבן געפירט די פּ אָ ל י ט י ש ע אַרבעט — האָבן אָפּגעקליבן צו עטלעכע יונגאַנטשעס און מע האָט זיי איבערגעגעבן דער „צענטראַלער סכאָדקע". — די „צענטראלע סכאָדקע" איז געווען די גרופּע פון די סאַמע באוואוסטזיניקסטע און אַקטיווע כאוויירים, וואָס האָבן לויט די דירעקטיוון פון קאָמיטעט אָנגע-פירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. — דערנאָך איז פאָרגעקומען אן אלגעמיינע פאַרזאמלונג פון די אויסגעטיילטע כאוויירים, וואו די כ"כ יודקע און לעאָן, פאָרשטייער פון קאָמיטעט, האָבן איבערגעלייענט דעם צירקולאַר פון צ. ק. און אינפאָרמירט וועגן דעם גאַנצן איניען און האָבן פאָרגעלייגט אויסוויילן אן אָנפירנדיקע קאָמיסיע. אַזוי אַרום זיינען אין דערדאָזיקער ערשטער קאָמיסיע אַריין די כ"כ פולקע, מוישע דער שוואַרצער, הערשל יואוועלירער, פּערעץ דער שוואַרצער, שלוימקע מעשורעס, רוואוקע ביאַלאסטאָקער און מוישעלע ווייזער. פאַרן פירער פון אָטריאַד האָט מען אויסגעוויילט דעם כ' יודע.

די אופגאַבן פונם קאַמף-אָטריאַד האָט מען דערווייל אָנגעמערקט אַזוי:

1) אויסארבעטן דעם מאַרשרוט פון א מאַניפעסטאַציע, דעמאָנסטראַציע א. ד. ג., וואָס דער קאָמיטעט באשטימט אדורכצופירן, און 2) אָפּהיטן און פאַר-טיידיקן די פאַרזאמלונגען, מיטינגען, מאַניפעסטאַציעס א. ד. גל.

מאַכמעס אייניקע סיבעס, האָט די ערשטע קאָמיסיע ניט באוויזן צו ספּראווען זיך מיט די אלע אופגאַבן, וואָס מע האָט געהאַט אַף איר אַרופגעלייגט, און מע האָט זי דעריבער אָנהייב 1905-טן יאָר איבערגעקליבן. זיינען אריין אין איר 1) כאַים קאַנטאָרשטשיק, 2) מאָטל טשודנאָוועד (פּאמ. ברעטאן), 3) פּערעץ שניידער און 4) שלוימע מעשורעס. פאַר אַ פירער האָט מען אויסגעוויילט דעם כ' סימכע שוסטער.

געציילט האָט דער אָטריאַד דעמאָלט 40 כעוורע, אַזוי אַז בעראָש פון יעדן צענדליק איז געשטאַנען א דעסיאַטניק, ווי מע פלעג דעמאָלט זאָגן. יעדער כאווער האָט געהאַט א ברוינינג מיט א קינזשאַל. לערנען זיך שיסן פלעג מען גיין עטלעכע ווערסט אויסערן שטאָט.

אויסדערציילן „אַף איין פוס" די גאַנצע געשיכטע פון אונזער קאַמף-אָטריאַד, די אופטוען זיינען אין פארלויף פון עטלעכע שטורמישע יאָרן איז



מאָטל טשודנאָווער (בּריטאן)

דערהארגעט געוואָרן בּעאייס ער האָט בּאפּרייט ארעסטירטע.

טאַקע גאָר ניט שאַיעך. דאָס ווען מיר טון אין די ווייטערדיקע אויסגאַבן פונם באַרדיטשעווער „היסטפאַרט״. דאָ-זשע וועל איך דערציילן וועגן איינעם אַ הערויִשן מאָמענט, וואס איז פאַרבונדן מיטן טויט פון אונזער טייערן, אום-פארגעסלעכן העלדישן כאַוער מאָטל טשודנאָווער. זאָל יעדער באַרדיטשעווער אַרבעטער, זאָל אונזער יוגנט וויסן, ווי אזוי ס׳איז אומגעקומען איינער פון אונזערע גרעסטע העלדן — דער 20-יאָריקער אַרבעטער מאָטל טשודנאָווער.

געווען איז עס אַזוי:

סאָף 5-טן יאָר האָט מען אין ביאַלאסטאָק פאַרמישפּעט צום טויט איינעם א גרויסן רעוואָלוציאָנער דעם כ׳ הענעך. איז ער אַנטלאָפן קיין באַרדיטשעוו, וואו ער האָט זיך אויסבאַהאלטן אַף א פרעמדן פּאַס.

איז אָט האָט גראַדע פּאַסירט, אַז מע האָט הענעכן אַרעסטירט און אריינ-געזעצט אין טפיסע. אַזוי איז ער אָפּגעזעסן א שטיקל צייט, ביז מיר האָבן איינמאָל דערהאַלטן פון אים אַ צעטעלע, אַז מע קלייבט זיך אים פירן, מיטן עטאַפּ, הייסט עס, אַהיים, קעדיי דאָרטן פעסטשטעלן זיין פּערזענלעכקייט. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען אַ טויט-געפאַר פאַר הענעכן, מאַכמעס די ביאַלאָסטאָקער פּאָליציי וואָלט אים גלייך דערקענט, און מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן, אום יעדן פרייז, וואָס ס׳זאָל אונז ניט קאָסטן, אָפּ-שלאָגן הענעכן פון די הענט פונם קאָנוואָי, וואָס וועט אים פירן צום וואָקזאל.

גלייך האָבן מיר געהאַט א זיצונג, וואו מיר האָבן צוזאמען מיטן פאָרשטייער פון קאָמיטעט, דעם כ׳ רואין, אויסגעארבעט א גענויעם פּלאַן.

צו דער צייט גראדע האָבן מיר פון הענעכן באקומען א צווייט צעטעלע, וואו ער שרייבט, אַז ביז פרייטיק, ווען מע דאַרף אים פירן קיין ביאַלאסטאָק, וועט מען אים דינסטיק פירן אין געריכט מישפּעטן פאַר א פאַלשן פּאספּאָרט. די פּאָליציי האָט נאָך ניט געוואוסט, מיט וועמען זי האָט צו טון.

האָבן מיר זיך געגרייט.

דינסטיק.

אפן וועג פון טפיסע אין געריכט איז פאראן א קרום געסעלע לעם דער „קליינער קרעניטשקע״.

אַפן דאָזיקן וועג וועט מען הענעכן פירן אין געריכט. האָבן מיר איינפירן זיך באַהאַלטן אינם דאָזיקן געסעלע. פערעץ האָט עטוואָס ווייטער אָפּגעווארט אַף אונז אף אַ פאעטאָן. קעדיי האלטן די פארבינדונג, האָט מען אויסגעטיילט די רויטע נינע.

אַלזאָ — מיר וואַרטן.

פּלוצים — מע גייט, מע פירט הענעכן, פינף סאָלדאַטן פירן אונזער כאווער הענעך.

אַ ציטער איבערן לייב. די האנט דריקט שטאַרקער דעם בראַונינג אין קעשענע.

מע דאַרף, מע דאַרף אום יעדן פּרייז אויסלייזן הענעכן — בּליצט אינם אופגערעגטן קאָפּ.

פּלוצים,— מיר פון געסעלע —„סטאָי״ צו די סאָלדאַטן, אַ זאלפּ אין דער-לופטן.

די סאָלדאטן צעטומלט.

הענעך — אין א זייט און מיט נינען פאַרשוואונדן.

מיר — אין געסעלע, אַף פאַעטאָן און — פאָרויס. פּערעץ שמייסט, דער פאַעטאָן פליט, מיר שיסן אף צוריק און פאָרויס.

ניט ווייט פונם אָרט, וואו מיר האָבּן אָפּגעשלאָגן הענעכן, איז געווען די אָכראַנקע. אין אַ זייט — דער צווייטער אוטשאסטאָק. דערהערט אַ שיסעריי, איז מען פונדאָרטן אַרויסגעלאָפן און גענומען אונז יאָגן.

אף דער קליינער יורידיקע איז לעם עפּעס אַ הויף געשטאַנען דעם בּורזשוי ליכטנשטאַטס א קאָליאס. דערהערט א טומל, איז ער ארויסגעלאָפן אפן גאס, און דערזען, ווי פּאָליציי יאָגט עמעצן נאָך, האָט ער זיך גלייך אַרופגעכאפּט אַפן קאָליאס און צוגעשטאַנען צו פּאָליציי.

אַלזאָ: מיר — פאָרויס, נאָך אונז — דער פּאָליצמייסטער אַף א פערד, זשאנדאַרמען — אף א פור, דער בּורזשוי — אפן קאָליאס.

מיר אף זיי, זיי — אף אונז.

א שיסעריי.

א געשריי.

א שרעק.

אָט-אָט, און זיי דעריאָגן אונז: מיר — פון פאַעטאָן און גענומען שיסן אַף זיי.

זיינען זיי זיך צעלאָפן.

מיר ווידער אַפן פערד: „פּערעץ, טרייבּ שטאַרקער״.

זיי — ווידער נאָך אונז. דאן מיר — ווידער פון פאַעטאָן און גלייך אף זיי.

זיי — ווידער צעלאָפן זיך.

און אַזוי — דריי מאָל.

פּלוצים — עפּעס וואָלגערט זיך אף מיינע הענט.

מאָטל א טויטער אַף מיינע הענט!

— פּערעץ, מאָטל טויט, מאָטל, מאָטל טויט!

אַ שווינד — און מאָטל איז שוין אפן טראטואר, א טויטער.

— פּערעץ, אָן מאָטלען, טרייבּ.—

אין דער פינצטערניש פון דער נאכט — זיינען מיר פארשוואונדן.

מאָטלען האָט מען גלייך אַוועקגעפירט אין אידישן שפּיטאָל.

טיף אין דער נאכט האָט אים פּאָליציי איבּערגעטראגן אין זעמסקע שפּיטאָל.

אַף מאָרגן האָט די גאַנצע שטאָט געקאָכט.

דער „בונד" האָט גערופן צו אן אלגעמיינעם שטרייק, קיינער האָט ניט געאַארבעט.

אָבער באגראָבן דעם טייערן כאווער, אַזוי ווי מע האָט געוואָלט, האָט זיך ניט איינגעגעבן. איבער דער גאנצער זשיטאָמירער גאס, אפן וועג צום בייסוילעם, איז געשטאַנען פּאָליציי.

מע האָט באַם בארדיטשעווער פראָלעטאריאט אָפּגערויבט דעם בעסטן זון, און ניט געלאָזן אפילע באלייטן אים צו זיין אייביקער רו.

כאַווײרים, באַרדיטשעווער ארבעטער!

אונזער כ' מאָטל האָט געהאט א פלאמיק הארץ, א יונג באָכערל, מיט אַזא פלאמיק פראָלעטאַריש הארץ!

וועלן מיר, פרייע, באפרייטע ארבעטער, אים פאַרגעסן?

קיינמאָל ניט!

שלוימע מעשורעס

---

# וועגן דער דרוקעריי פון צ. ק. פון „בונד" און וועגן דעם טייערן כאווער יוינע (פישל קאָגאן)

צו דער באַוועגונג בין איך, אַ צוואנציק-יאָריקער זעצער, צוגעשטאַנען סאָף 1899-טן יאָר. דורכלאָזנדיק דאָ די יאָרן 1900—1902 (וועגן דעם וועל איך דערציילן אן אנדערש מאָל), הייב איך אָן דערמיט, וואָס אָנהייב 1903 האָט דער כ' טעוויע, איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון יענער צייט, קלייבנדיק זיך אָפּצופאָרן פון בארדיטשעוו, גערעדט מיט מיר וועגן דעם, אז מע וואָלט גע-דאַרפט אוועקשטעלן אַ דרוקעריי. מיר האָבן געהאַט אפילע באַשטעלט א היל-צערנע ראם, נאָר דערפון איז גאָרניט ארויסגעקומען. טעוויע איז אוועקגע-פאָרן, און וועגן דער דרוקעריי האָט מיט מיר אָנגעהויבן רעדן דער כ' אלטער דער קליינער.

איינמאָל זאָגט מיר אלטער: פייסי, אָט וועל איך דיך באַקענען מיט איינעם אַ מענטשן, וואָס ווייסט אין דידאָזיקע געשעפטן, וועט ער שוין מיט דיר רעדן. און האָט מיך באקענט מיטן כאווער יוינע.

כ'געדיינק, ווי ער האָט מיך צוגעפירט צו עפעס א שטוב אף פאשקאָווסקע גאַס, וואו צום טיר איז, דוכט זיך, געווען צוגעקלעפּט אַ קאַרטל פון א ציין-דאָקטער, פישל קאָגאַן.

כ'בין ארײן. אקעגן מיר איז גלייך ארויס אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 30 אנ-ערעך, א הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ קליין בערדל, מיט אַ קראַגן, מיט פענסנע, שוואַרץ געקליידעט — מיט איין וואָרט, אַ דזשענטלמען. איז ער

צוגעגאַנגען צו מיר, געגעבן די האנט און עפּעס אַזוי אַ קוק געטון מיר אין די אויגן, אַז איך האָב גלייך דערפילט אַ גרויסע גוטסקייט און אַזאַ נאָענטקייט, פונקט ווי דער מענטש איז מיינער אן אלטער גוטער באַקאַנטער.

„ווי זאַנט אייער געזונט״, — האָט ער מיך גלייך אַ פרעג געטון — „איך פרעג עס דערפאַר, — האָט ער פאָרגעזעצט — וואָס אונז שטייט פאָר אַ גרויסע און שווערע ארבעט. ווענן דעם, אז אלץ דארף זיין שטריינג פארקאָנספּירירט, וועגן דעם איז דאָך ניט שאַיעך מיט אייך צו רעדן. נאָך איידער איר זיינט געקומען אהער, האָב איך שוין געוואוסט וועגן אייך. איך גלויב, אז איך וועל קיין טאָעס ניט האָבן. איצט לאָמיר איבערגיין צו אונזער איניען. מיר מוזן אומבאדינגט אוועקשטעלן א דרוקעריי. ווי אזוי פירט מען עס אויס?״ — און מיר האָבן גענומען פלאַנעווען. אַזוי האָבן מיר געשמועסט, ביז מיר האָבן אָפּגעמאַכט אָנהייבן דערווייל אַף אַ העקטאָגראַף. דערמיט האָט זיך אונזער ערשטע באַגעגעניש פאַרענדיקט. אוועק בין איך מיט א גרויסן איינדרוק פון עפּעס גאָר אַ באַזונדערן מענטשן, פון אַ מענטשן, וואָס איז אויסערלעך אזוי ווי שטריינג, קאַלט, און אינערלעך — נאָענט ביז גאָר.

אונזער ערשטע דרוקעריי איז געווען אף דער קליינער יורידיקע אַקעגן דעם 35-טן נומער. דער באַלעבאָס פון דער דירע איז געווען דער כ׳ קאָטליאַרסקי, וואָס מיט אים האָב איך זיך געהאט פריער נאָך באַגעגנט אף דער „צענטראַלער דיסקוסיע״.

זעצן פלעג מען דאָרטן אזוי: דער גאנצער שריפט איז געווען צעלייגט אַפן טיש קופּקעלעכוויס, לויט די אויסיעס נאָך. פאַרשטייט זיך, אז דאָס איז געווען זייער אומבאקוועם, האָט מען געמאַכט טאָרבעלעך. די טאָרבעלעך האָבן גענייט די מיטפילנדיקע דעם „בונד״ מיידלעך. צוליב וואָס מע דאַרף דאָס האָבן, האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, ניט געוואוסט.

גיך האָבן מיר איינגעפונען, אז די דירע איז ניט אינגאַנצן קאָשער, האָט מען אריבערגעפירט די דרוקעריי אין געסל פונם ערשטן אוטשאַסטאָק, אין אַ סאָד, אין אַ הילצערנער געביידע, קעמוי א מין בעסעדקע.

דאָס ערשטע מאָל האָט מיך אהין געפירט יוינע. גיין פלעגן מיר אהינצו מיט הינטערגעסלעך, דערביי ניט איינער לעם אנדערן, נאָר איינער נאָכן אַנדערן; קעדיי איך זאָל וויסן וואוהין צו גיין, פלעג ער מיר זאָגן „לינקס״, „רעכטס״, „לינקס״, „רעכטס״.—אין דערדאָזיקער בעסעדקע האָבן מיר עס אָפּגעדרוקט די פּראָקלאַמאַציע פונם צ. ק. פון „בונד״ וועגן דעם קעשענעווער פּאָגראָם. אויסער דערדאָזיקער פּראָקלאַמאַציע האָבן מיר נאָך זאכן געדרוקט, נאָר איך קען זיך ניט דערמאַנען וואָס.

אין אַ שטיקל צייט ארום האָבן מיר זיך אריבערגעצויגן אין א דריטער דירע, אף שומאנאָווסקע גאס, אין א הויף, אף א בוידעם. פאַרן טאָג פלעג זיך דער דאך זייער אָנגליען פון דער זון, און ס׳איז געווען דעריבער שווער

צו ארבעטן. פלעג איך טאַקע אָנהייבן דרעמלען. איז אָבער יוינע געשטאַנען אַף דער וואך, און פלעג מיר גלייך צוטראָגן אַ שטאַרקע גלאָז טיי.

דער באַלעבאָס פון דער דריטער דירע איז געווען דער כ׳ געצל (אַ שוסטער).

ארבעטנדיק, פלעג איך איינצייטיק לערנען ארבעטן אויך געצלען. און אין אַ שטיקל צייט ארום האָט געצל אזוי גוט געקענט זעצן, אז ער פלעג זיך שוין באגיין אָן מיר.

אין אַ שטיקל צייט ארום האַט מיך יוינע אוועקגעפירט אין א נייער דירע, אין דער פערטער, הייסט עס, דאָס איז געווען לעם דער שוסטערשער שול, צו די פעסקעס-צו. דאָרטן האָב איך געטראָפן אלטערן (דעם לאנגן), עטקען (זיין פרוי) און געצלען. די דירע איז באַשטאַנען פון דריי צימערן. דער ערשטער צימער איז געווען אַן עס-צימער מיט צוויי גרויסע פאָרטרעטן קעגן דער טיר: ניקאָלאַיס און זיין מוטערס.

אינם דאָזיקן צימער האָט זיך אופגעהאַלטן די באָנע, וואָס מע האָט זי קלוימערשט געגומען צוליבן קינד-וועגן. דער צווייטער צימער איז געווען א שלאָף-צימער, דער דריטער — אויך א מין זאַל, וואו ס׳איז געווען די דרוקעריי. אינם בופעט זיינען געווען שופלאָדן, וואו ס׳זיינען געווען די שריפט-קאַסעס. דאָ איז שוין אויך געווען אַ דרוק-מאַשין, וואָס איז אָנגעקומען קיין באר-דיטשעוו טיילווייס, און וואָס זי צונויפשטעלן איז אהער געקומען א ספעציעלער מענטש פון צ. ק. די דרוק איז באשטאנען פון א וואליק, וועלכן מע פלעג באַוועגן מיט א קאָרבע.

אויסער די אויסגערעכנטע כאוויירים האָב איך דאָ איינמאָל באגעגנט דעם כ׳ טאראס פון צ. ק.

דרוקן פלעגן מיר פארשיידענע בלעטלעך אין גרויסע צאָלן און אויך בראָשורן. איך געדיינק א בראָשור וועגן די „פויאלע-ציאָן״.

ווען איך פלעג דארפן גיין אהיים, פלעג איך לאנג וואשן די הענט און זיך איבערטון מאיסע-דזשענטלמען.

אזוי האָט געדויערט ביז אָקטיאבר 1905. ווייטער פאָרזעצן די ארבעט אין דער דרוקעריי האָט מען ניט געקענט, און מען האָט זי מיר איבערגעגעבן צו באהאלטן. און איך האָב זי באהאלטן אין א קעלער.

אָט דאָס איז די געשיכטע פון די פיר דירעס, וואו ס׳האָט געאַרבעט אין מעשעך פון צוויי יאָר די דרוקעריי פון צ. ק., דערביי קיין איין מאָל ניט דורכגעפאלן.

ערשט וועל איך איבערגעבן אייניקע עפיזאָדן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין מיין זיקאָרן וועגן דעם כ׳ יוינע. עפשער וועלן זיי עפעס מוסיף זיין צו דער ריינער פערזענלעכקייט פונם אומפארגעסלעכן כאווער יוינע. זאָלן אלע כאַ-וויירים, וואָס געדיינקען עפעס וועגן יוינען, אויסדערציילן אף די שפאַלטן פון

אונזער פרעסע. דאָס בילד פונם גרויסן רעוואָלוציאָנער דארף אופגעשטעלט ווערן פאַרן באַפרייטן אידישן ארבעטער!

1. געוועזן איז עס אין דער ערשטער דרוקעריי, וואו מע האָט געזעצט פון די טאָרבעלעך. איינמאָל גיי איך אריין ארבעטן און זע, ווי יוינע ליגט אף דער קושעטקע, די הענט פארלייגט און שטאַרק פארצאָרנט. פלוצים האָט ער זיך א הייב געטון און אָנגעהויבן מיט האסטיקע טריט ארומשפאנען איבערן צימער. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אוועקגעלייגט און ווידער געשטומט. דער-נאָך איז ער ווידער אופגעשפרונגען און אָנגעהויבן ארומלויפן איבערן צימער. אַזוי האָט געדויערט דעם גאַנצן אָוונט. יוינע איז געווען, ווי מע זאָגט, אוי-סער זיך. כ׳האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזעען אין אזא שטימונג. וואָס איז די מאַיסע? פרעגן באַ יוינען וועגן דעם, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואגט. דערציילן עמעצן וועגן דעם, האָב איך אויך ניט געפונען פאַר גייטיק. נאָר וואָס-זשע דען: איבער עטלעכע טעג האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם, אז דער „בונד״ האָט געריסן מיט דער רוסלענדער פארטיי,—זאָל זיין, אז מאכמעס דעם איז דאָס אזוי צעטראָגן דער כ׳ יוינע?—האָב איך גענומען קלערן.

2. איינמאָל האָט זיך עפעס ניט איינגעגעבן א דעמאָנסטראַציע,—דוכט זיך, די דעמאָנסטראַציע צוליב ביאלאָסטאָקער געשעענישן,—איז יוינע ארומגעלאָפן איבערן צימער און געהאלטן אין איין טאַינען: „וואָס קען דער ארבעטער פאר-לירן אויסער זיינע קייטן״.

3) דעם ערשטן מאַי האָט מען באַשלאָסן פייערן פייסעך. קעדיי פאַרקאָנ-ספירירן דעם גאַנצן איניען, האָט מען באשטעלט אַ פּאָר פוד מאַצעס, וועלכע מע האָט אָפגעלייגט באַ איינער אן ארבעטערן.

צופעליק זיינען אף דער שכיינעסדיקער גאַס געגאַנגען פּאָליציאַנטן. די אַרבעטערן, דערוואוסט זיך וועגן דעם, אַז מע גייט, האָט זיך דערשראָקן און אָנגעמאַכט אַ טומל. איז דער טומל געוואָרן עפעס פאַרדעכטיק דער פּאָ-ליציי און מע האָט קאָנפיסקירט די גאַנצע מאַצע.

איז יוינע ארומגעלאָפן איבערן צימער און געהאלטן אין איין טאַינען, — „פאַרוואָס האַלטן זיך די ארבעטער אזוי שלעכט, פאַרוואָס, האַ?״.

דעם פיין אין די גוטע אויגן, אָט דעם טיפן פיין פון א גרויסן רעוואָלו-ציאָנער, וואָס קען ניט שאָלעם מאַכן דערמיט, וואָס דער ארבעטער-קלאַס פירט ניט ווי ס׳געהער צו זיין דעם באַפרייאונג-קאַמף—אָט דעם טיפן פיין אין יוינעס אויגן קען איך ניט פאַרגעסן...

4. ביז מיין אַרבעט אין דרוקעריי פלעג איך יאָ צוביסלעך לייענען. ווען איך האָב אָבער אָנגעהויבן אַרבעטן דאָרטן—פלעג שוין ניט אויסקומען, און איך האָב אָנגעהויבן פילן, אז איך שטיי אָפּ. האָב איך איינמאָל אַ זאָג געטון יוינען וועגן דעם. האָט ער מיר גלייך געענטפערט:—„יעדער מענטש, באזונ-דערס אן ארבעטער, איז מעכויעוו זיך צו אנטוויקלען. אָבער דו שטייסט אף

א פאָכטן, וואו קיין זאַך טאָר ניט אָפּציען דיין אופמערקזאַמקייט. אלץ צוליב דער רעוואָלוציע".

באַ מיר איז דערנאָך געווען אזא געפיל: וואָס פאר א גאָרנישט איך בין עס, אז איך קען, שטייענדיק אף אזא פּאָסטן, טראַכטן וועגן אנדערע זאַכן!..

יוינעס ווירקונג-קראַפט איז געווען באזונדערס שטאַרק.

5. א שטיק צייט איז יוינע געווען אונטער פּאָליציי-אופזיכט. פלעג ער אָבער ניט רעגולער קומען צו דער רעגיסטראַציע.

האָבן די זשאַנדאַרמען אים גענומען אפן צימבל: „וואו קומט איר אהין"?

— „אַלעמאַי זאָלט איר ניט אכטונג געבן, ווי ס'דאַרף צו זיין? — האָט יוינע קאַלטבלוטיק אָפּגעענטפערט.

אין 1905 יאָר איז יוינע פאַרשוואונדן. מיר איז אפילע ניט אויסגעקומען זיך געזעגענען מיט אים. ווי דאָס האָט מיר דעמאָלט באנק געטון!

פאַראַיאָרן האָב איך געלייענט אין ציישונג וועגן דעם, אז כ' יוינע איז אין אויסלאַנד געשטאָרבן. אין מיין זיקאָרן — לעבט ער, דער גרויסער רעוואָלוציאָנער מיט די גוטע אויגן.

יאַכניס (פּייסי)

---

# זיכרוינעס פון אנטיילנעמער וועגן 1905 יאר אין באַרדיטשעוו

## יאנוואר-טעג

דעם 11-טן יאַנוואַר אַרום 8 אינאָוונט האָט זיך אף זשיטאָמירער גאַס, אַף דער בירזשע, ה״יסט עס, צונויפגעקליבן אַן אוילעם פון אַ מאַן 200. ווען מע האָט דערשפּירט, אַז מע קען שוין אָנהייבן דעם מיטינג, האָט אַ כאווער פון קאָ-מיטעט פון „בונד״ אָנגעהויבן דערקלערן, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען אין פעטערבורג.

דער גאַנצער אוילעם האָט מיט באַגייסטערונג אויסגעהערט די אינפאָרמאַציע. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן מאַניפעסטירן, זינגען און אויסרופן:

— מיר פראָטעסטירן קעגן צעשיסן אַרבעטער!

— נידער מיט דער מילכאָמע!

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!

— זאָל לעבן דער 8-שאָעדיקער אַרבעט-טאָג! א. א. וו.

און מע האָט זיך געלאָזט גיין מיט זשיטאָמירער גאַס, דורכגייענדיק די זשיטאָמירער, ניקאָלסקער און בעלאָפּאָלער גאַסן. איבערן וועג זיינען צוגע-שטאַנען נאָך עטלעכע הונדערט מענטשן, און ווען מע איז דערגאַנגען ביזן בירזשע-פלאץ, איז שוין געווען אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם.

ערשט דאָ האָט זיך די פּאָליציי געכאַפּט און האָט אָנגעהויבן צעטרייבן די מאַניפעסטאַנטן מיט דער הילף פון די נאַכט-שאָמרים.

די פּאָליציי האָט געבושעוועט מיט די שווערדן. די שאָמרים—מיט שטעקנס. פון אונז ווער ס׳האָט געהאַט שטעקלעך, האָט אויך ניט געגענעצט.

די מאַניפעסטאַציע האָט זיך צעטיילט אַף עטלעכע גרופּן, און יעדע גרופּע באַזונדער האָט געמאַניפעסטירט ביז אין דער נאַכט אַריין.

אין באַרדיטשעוו האָט זיך אָנגעהויבן.

האָפמאַן

# 12-טער יאנואר אינדערפרי

„בירושע".

הונדערטער מענטשן.

און נאָך, און נאָך.

די פּאָליציי האָט דערשמעקט, אַז עפּעס ניט אומזיסט קלייבט מען זיך, אַז ס׳וועט עפּעס אויסברעכן, און האָט באַצייטנס צעשטעלט פּאַטרולן.

שטייען זיי און לייגן פּאַר דעם אוילעם זיך פרידלעך צעגיין.

דערוויל, הייסט עס, פרידלעך.

זיינען אויך דוואָרניקעס אַף דער וואַך: ווער ווייסט, עפּשער וועט מען אַליין זיך ניט קאָנען באגיין?

אוי, דידאָזיקע דוואָרניקעס! וויפל מאָל האָבן זיי אַקטיוו מיטגעהאָלפן דער פּאָליציי, וויפל מאָל?

איז טאַקע ניט אומזיסט, וואָס מע ברענט זיי די אויגן.

איז, הייסט עס, פּאָליציי, דוואָרניקעס און, לעהאַוודל, אַרבעטער, וואָס ק׳מען אַלץ צו און צו.

מע קלייבט זיך.

מע שטייט.

מע וואַרט.

אָט-אָט-אַ, און עפּעס וועט געשען!

פּלוצים—עפּעס האָט מען אָנגעהויבן זיך שטאַרק שטופּן.

עפּעס שליסט מען די רייען.

עפּעס נעמט אַרום אַזאַ פייער אַלעמען.

„נידער מיט דער זעלבסטהערשונג".

„הורא"—„הורא"!

„הורא"—„נידער".

„זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק"!—האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן אויסגעשרייען אין פּאַרשיידענע ווינקלען, און ס׳האָט זיך באַוויזן איבערן אוי-לעם א רויטע פאָן.

נאָר אַזוי ווי די דעמאָנסטראַציע האָט זיך גענומען פאַנאַנדערוויקלען, אַזוי האָט זיך גלייך דערהערט א שאָס, און אַ צווייטער, און אַ דריטער, און עפּעס אַ פּריסטאַוו מיט אַ שיקער-הייזעריקן קאָל האָט אָנגעהויבן שרייען: „צעגייט זיך, צעגייט זיך". און, אַנטבלויזט די שווערד, האָט ער אָנגעהויבן אָפּשטופּן דעם אוילעם.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן, ווער וואוהין ס׳האָט געקענט.

פּלוצים האָב איך דערפילט עפּעס אַ שווערס איבערן קאָפּ און בין געפאלן אָן זינען.

ווען כ׳האָב זיך אופגעכאפּט, האָב איך דערזעען אַרום זיך אַ בינטל גאַראָ-דאָוואָיעס און דוואָרניקעס.

— „אַ, ווילסט אויך ניט קיין קייסער, אַנו, ווייזט אים די רעפּובליק״— האָבן זיי געגומען שרייען צו מיר און „ווייזן מיר די רעפּובליק״ אין קאָפּ אַריין, אין פּאָנעם, אין אַלע איווּרים.

אָנגעגעריקט מיך, צעבלוטיקט, האָט מען מיך אַוועקגעשלעפּט אין אוטשא-סטאָק. דאָ האָב איך געטראָפן היימישע כעווּרע, וואָס האָבן מיר קוידעמקאָל איבערגעבונדן דעם קאָפּ.

איבער עטלעכע וואָכן האָט מען אונז געמישפּעט, און איך האָב געמוזט אָפּזיצן דריי כאַדאָשים.

**ווענגראוו.**

---

# מאַרט-טאָג

(פּראָטעסט-מיטינג-קעגן דער באַקוּער שכיטע)

ווען די רעוואָלוציע האָט גענומען וואַקסן אין לאַנד, האָט די זעלבּסט-הערשונג אָנגעהויבן אָנרייצן איין פאָלק אַפן אַנדערן, קעדיי אַזוי-אַרום אָפּ-ווענדן די אופמערקזאַמקייט פון די אופגערעגטע מאסן פון זיך. אַזאַ מין שרעקלעכע מאַיסע איז פּאָרגעקומען אין באַקו, אַף קאַווקאַז, וואו עס גייט שוין פון קאַמע דוירעס אַ ביטערע, אַ בלוטיקע פעלקער-מאַכלויקעס. אַרמענער האָבן געשניטן טאָטערן, טאָטערן—אַרמענער, און ס׳האָט זיך געגאָסן ריטשקעס-ווייס אומשולדיק בלוט פוןביידע זייטן.

און ווער-זשע האָט דערפון געוואונען?

סאָפּקאָלסאָף, די זעלבּסטהערשונג צוזאמען מיט די הערשנדיקע קלאסן פון ביידע פעלקער.

ווען די יעדיעס פון דער שרעקלעכער פעלקער-שכיטע, וואָס איז פּאָרגע-קומען אין באַקו, איז דערגאנגען קיין באַרדיטשעוו, האָט דער באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט הייס פּראָטעסטירט קעגן די פאַרברעכנס פון דער זעלבּסט-הערשונג.

געווען איז עס פּורים-צייט. די אַלטשטאָטישע שול איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. עפּשער טויזנט מענטשן איז דאָרטן געווען אוואַדע. איז סאַמע, ווען מע האָט געזאָלט אָנהייבן לייענען די מעגילע, האָט זיך דערהערט אַ קאָל פון אַ כאַווער, וואָס האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן די באַקוער געשעענישן, און ס׳איז אויסגעבראָכן אַזוי אַרום אַ מיטינג.

נאָכן מיטינג איז מען אלע ארויס אפן גאס און אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן בלעטלעך. אייניקע כאַוויירים האָבן אָנגעהויבן זינגען, און אזוי איז מען אוועק, מאַניפעסטירנדיק, איבער זשיטאָמירער גאס ביזן בירזשע-פּלאץ (איצט ראטן-פּלאץ).

די מאניפעסטאציע האָט געדויערט ביז 12 באטאָג. פארנאכט האָט מען ווידער מאַניפעסטירט לעם דעם ערשטן בולוואר.

קעדיי צעטרייבן די מאניפעסטאנטן, זיינען אָנגעקומען קאוואלעריסטן, וואָס האָבן זיך א לאָז געטון אפן אוילעם מיט בלויזע שווערדן. נאָר כעוורע האָבן ניט געשוויגן און מע האָט זיך געווערט מיט שטעקנס און שטיינער.

די צוזאמענשטויסונגען מיט דער פּאָליציי האָבן געדויערט ביז 11 אַזייגער אינאָוונט.

אַף מאָרגן זיינען עטלעכע כאַוויירים געווען אַרעסטירט.

י. ג.

---

# יולי טעג

אין צוזאַמענהאנג מיט די „פּאָטיאָמקינישע״ און לאָדזער געשעענישן האָט דער צ. ק. פון „בונד״ גערופן אלע אידישע ארבעטער צו אַן אלגעמיינעם שטרייק-פּראָטעסט און דעמאָנסטראַציע.

גלייך איז פּאָרגעקומען אַן עקסטרע-זיצונג פון דער „צענטראלער סכאָדקע״, וואָס האָט באַם אָנטייל פון דער פאָרשטייערן פון קאָמיטעט, פון דער כ-טע פרידע, אויסגעאַרבעט אַ באשטימטן פּלאן און אויסגעוויילט אַ ספּעציעלע קאָ-מיסיע. דערדאָזיקער קאָמיסיע איז געגעבן געוואָרן אַ דירעקטיוו האלטן דעם קאָנטאַקט מיטן קאַמף-אָטריאַד.

אין מעשעך פון 8 טעג זיינען געגאַנגען צוגרייטונג-פּאַרזאַמלונגען אין די פאַרשיידענע פאַכן, און הונדערטער ארבעטער זיינען איבערגעווען אַף דידאָ-זיקע געהיימע פארזאמלונגען. אַזוי געדיינק איך אַ גרויסע פארזאמלונג פון 500 פּריקאַזטשיקעס אין שיינבערגס מויער. די רעדנער האָבן גערופן צו אַק-טיווקייט, צו דערצו, אַז מע זאָל זיך פאר גאָרניט אָפּשטעלן, נאָר די מאגא-זינען זאָלן זיין צוגעמאכט. נאָך דער פארזאמלונג האָט מען זיך אָנגעהויבן באוואָפענען, ווער מיט וואָס סע האָט געקאָנט, אויסער דעם קאַמף-אָטריאַד, וואָס איז געווען באוואָפנט אפן כעשבן פונם קאָמיטעט.

ערעוו דעם שטרייק האָט מען אָפּגעדרוקט אין אַ גרויסער צאָל בלעטלעך „צו די ארבעטער און בירגער״ און פארשפּרייט זיי צוזאַמען מיט די בלעטלעך פון צ. ק. צווישן די ארבעטער פון שטאָט.

אינם טאָג פון דער ארויסטרעטונג זיינען ספעציעלע גרופּן ארומגעגאנגען איבער די פאַרשיידענע ראיאָנען און אכטונג געגעבן, אַז די מערק זאָלן ניט טאָרגעווען, די פורמאנעס — ניט פאָרן. די אונטערנעמונגען און ווארשטאַטן האָבן דעם טאָג ניט געאַרבעט. האָבן אייניקע באלעבאטים ניט געוואָלט צומאכן די מאגאַזינען, האָט מען זיי מיט גוואלט געצוואונגען.

12 אַזייגער באטאָג האָט די שטאָט אויסגעזען ווי אַ מיליטערישער לאגער. איבער אַלע גאַסן זיינען ארומגעגאַנגען און ארומגעפאָרן פּאָליציאנטן און רייטער.

האַלב פיר האָט מען באפוילן איבער אלע ראיאָנען זיך קאָנצענטרירן אף מאַכנאָווער גאַס, לעם ציפּרעסעס אַפּטייק. און ס'איז עפשער דורכגעגאַנגען ניט מער ווי אַ האלבע שאָ, ווי אַ פינפטויזנט-קעפּיקער ארבעטער-אוילעם האָט פארפלייצט די גאַס. גרופּעסווייס און אייניציקווייס איז מען געגאַנגען איבער דער גאַס, ווארטנדיק אַפן באַפעל אָנהייבן דעמאָנסטרירן. דער קאַמף-אָטריאַד האָט זיך אָנגעהויבן גרופּירן אַרום דעם פאָנען-טרעגער, וואָס האָט דערווייל געהאַלטן די פאָן באהאלטן.

פלוצים האָבן אָנגעהויבן פון אלע זייטן צוקומען פּאָליציאַנטן און מי-ליטער. זעענדיק, ווי די ראָצכים ווארטן נאָר אף דער קלענסטער געלעגנהייט, קעדיי אָנצוהייבן דאָס שיסעריי, האָט אַלטער דער לאנגער, דער פי-רער פון דער „דיקטאַטאָרסקער סכאָדקע", וואָס דער קאָמיטעט האָט זי אויסגעטיילט קעדיי אָנצופירן מיט דער דעמאָסטראַציע, אַ באַפעל געטון אייניקע כ"כ פונם קאַמף-אָטריאַד, אַז זיי זאָלן זיך איבערפעקלען אַף זשיטאָ-מירער גאס און אָנהייבן דאָרטן שיסן. די קאַוואָנע אלטערס איז געווען אַ פּאָשעטע: אָפּווענדן די אופמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי פונם מאכנאָווער פלאץ, וואו ס'האָט זיך געזאָלט אָנהייבן די דעמאָנסטראַציע. און טאַקע קא-כאווע: ווי נאָר ס'האָט זיך דערהערט פון זשיטאָמירער גאַס אַ שיסעריי, אַזוי האָט זיך פּאָליציי אַ לאָז געטון אהינצו. גלייך האָבן מיר אָנגעהויבן זינגען די „שוואוע", דער פאָנען-טרעגער האָט ארויסגעכאַפּט די פאָן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דעמאָנסטראציע.

נאָר איידער אָבער די אונטערשטע רייען האָבן צעקייט, וואָס סע קומט פאָר אין די פאָדערשטע, אַזוי האָט זיך פון אלע זייטן אַ שאָט געטון פּאָליציי מיט רייטעריער און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ באוואָפנטער צוזאמענשטויס. מע האָט געשאָסן פון די זייטיקע גאסן, פון די הייזער. עס זיינען געפאַלן טויטע און פארוואונדעטע. פאר מיינע אויגן איז געפאַלן טויט דער כ' ראָזנבלאט.

גלייך האָט די בורזשואזיע פאַרהאקט אלע טירן און טויערן. האָט זיך עמעצן יאָ איינגעגעבן אריינדרינגען אינעווייניק און אויסבאהאלטן זיך פונם טויט, אַזוי האָט מען אים גלייך ארויסגעיאָגט אַף דער גאס, אַנקעגן די קוילן.

אַגאַנצע נאַכט זיינען איבערן שטאָט פאָרגעקומען ארעסטן. אין די או-טשאַסטקעס האָט מען געשלאָגן מאקעס-רעצעך. באזונדערס האָט געווילדעוועט



יולי-טעג אין באַרדיטשעוו

דער עלטסטער פּאָליציאַנט לוקאַשעוויטש, וואָס דערנאָך האָט מען אים גע-פּרואווט הארגענען.

אַף מאָרגן איז אין שטאָט דערקלערט געוואָרן קריג-צושטאנד אַף צוויי וואָכן. נאָך זעקס אינאָוונט האָט קיינער ניט געטאָרט גיין איבער דער גאס. די מאַגאַזינען האָט מען געמוזט שליסן 4 אַזייגער. די בורזשואזיע האָט געיובלט, מיינענדיק, אַז די רעוואָלוציע איז שוין דערשטיקט.

ס'איז פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון דער אופּראווע, קעדיי צו באַטראַכטן, ווי אזוי קעמפט מען ווייטער מיט דער „קראַמאָלע". דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן-אַרעסטן. און דאָס מאָל שוין אויך אינמיטן העלן טאָג, אין דער צייט ווען פריער פלעג מען אַרעסטירן בלויז באַנאַכט.

באַזונדערס האָט זיך „אויסגעצייכנט" אין די דאָזיקע בלוטיקע טעג דער באַוואוסטער שעוויאַקין *), די רעכטע האַנט פונם ראטמיסטער קרינסקי.

די יולי-טעג האָבן אָפּגעקאָסט דעם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט פיל קאָרבאָנעס.

מאקס קארלינסקי

---

*) דעמדאָזיקן הונט האט אין 1918-טן יאר דערהארגעט דער כ' שלוימע מעשורעס. ער איז אריין צו אים אין שטוב, ארויסגערופן אים קלוימערשט צוליב אן איניען און אפן ארט דערשאסן.
רעדאַקציע.

# פראָטעסט-מיטינג אין טעאטר

פאָרגעקומען איז דער פראָטעסט-מיטינג אין סענטיאבר כוידעש, אין זאגערס מעאַטר, אף מאָסטאָווע גאַס, סאמע ווען מע האָט געשפּילט גאָרקיס „דאטש-ניקעס". אוילעם איז אין טעאַטר געווען טאַקע היפשלעך. צווישן דעם אוילעם איז גראָד געווען דער קיעווער גובערנאַטאָר נאָוויצקי און די „פניי" פון דער אָרטיקער מאכט און „געזעלשאַפט".

פאַרן אָנהייב פונם דריטן אַקט האָט זיך פלוצים געלאָזט הערן סאָלאָמאָן טאלייסניקס שטים. ער האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן דעם, אַז בוליגין וויל אָפּנאַרן דאָס פאָלק. פון דער גאַליאָרקע האָבן זיך אַ שאָט געטון בלעטלעך.

נאָר, ס'פאַרשטייט זיך, אז סאָלאָמאָן האָט ניט געקענט ענדיקן זיין רעדע, מאַכמעס די זשאַנדארמען האָבן זיך גלייך אַ לאָז געטון צו אים פון אלע זייטן. ס'איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל. נאָר סאלאָמאָנען האָבן זיי ניט געפונען, מאכמעס ס'איז געווען פינצטערלעך אין זאל, און ער איז באַלד אנטרונען געוואָרן. ארעסטירט האָט מען דעמאָלט 20 כאוויירים.

אף מאָרגן האָט די גאנצע שטאָט גערעדט וועגן דעם, וואָס איז פאָרגע-קומען אין טעאטר. דער רוישעם איז געווען אַ גוואלדיקער! דערפאַר אָבער האָט געכאַפּט דעם פיינעם פסאַק די מאכט! דער זשאַנדאַרמסקע ראָט-מיסטער האָט באַקומען דעם עמעסן אויסרייד פון נאָוויצקין אליין, און אַ טייל פּאָליציי-מיטאַרבעטער האָט מען אינגאַנצן אָפּגעזאָגט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז די מאַכט האָט זיך גלייך גענומען מיט גרויס אימפעט צו פאַרדעקן אירע זינד: מע האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן אף וואָס די וועלט שטייט.

מאַקס

---

# פראָטעסט-מיטינג אין דער אַלטשטאָטישער שול

אינם פלאָט — אַן אופשטאַנד.

אין לאַנד — אַ שטייגנדיקע באוועגונג.

„הבה נתחכמה" (האָוואָ ניסכאַקמאָ) — לאָמיר עפּעס אונטערנעמען, — האָט גענומען קלערן, פונקט ווי פּאַרע פון מיצראַיִם, די צאַרישע זעלבסטהערשונג, און איז געפאַלן אף אַ סייכל: אַ ראָטגעבערישע דומע, אַ דומע, וואָס גיט אייצעס דעם קייסער, וועלכער איז ווייטער אויך אַליינהערשער, ווי אַזוי צו פירן די מעלוכע.

עפּשער וועט זיך דאָס פאָלק לאָזן נאַרן?

דאָס פאָלק איז שוין אָבער געווען גענוג קלוג און האָט איינהייטלעך אַ שמיץ געטון אין פּאָנעם דער רעגירונג איר שווינדלערישן אופטו.

אפילע די ליבעראלן, דעם קייסערס שפּעטערדיקע שוטפים, זיינען דאָס מאָל אויך געווען צווישן די פּראָטעסטאנטן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אן אנטי-בוליגין-קאמפּאניע.

צום גרויסן מיטינג-פּראָטעסט האָט מען זיך בא אונז געגרייט, מע קען זאָגן, אַ וואָכן דריי.

פארזאמלונגען קליינע זיינען פּאָרגעקומען קימאַט יעדן טאָג. בלעטלעך האָט מען פאַרשפּרייט אין די טויזנטער.

זונטיק האָבן זיך איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט בלעטלעך וועגן דעם, אַז זעקס אַזייגער אינאָוונט וועט אין דער אלטשטאָטישער שול פּאָרקומען אַ מי-טינג-פּראָטעסט קעגן דעם „בוליגין-פּראָעקט אָפּנאַרן דאָס פאָלק״. ווי אזוי-זשע אָבער נעמט מען די שול?

גאָר פּאָשעט: אַ שאָ פאַרן מיטינג איז צו דער שול צוגעגאנגען אַ כעוורע פונם קאמף-אָטריאַד, אַראָפּגעריסן דעם שלאָס, און אַזוי אַרום פאַרכאַפּט זי.

האָט זיך אָבער גיך דערוואוסט פּאָליציי, און איידער דער גאנצער אוילעם האָט באוויזן אַריינצוגיין אין שול, איז פּאָליציי אָנגעקומען און ארומגערינגלט די שול.

זיינען, הייסט עס, מענטשן פארבליבן אין שול, און נאָך מער לעם דער שול, ניט קענענדיק אַריין אינעווייניק.

וואָס וועט דאָ זיין?

איז צווישן פּאָליציי געווען אויך דער פּאָליצמייסטער.

האָט דער כ. ליפשיץ פון „בונד״ און דער ליבעראל בעקעלמאַן אָנגעהויבן פירן אונטערהאַנדלונגען מיטן פּאָליצמייסטער:

— סטייטש: „ס׳אַ פאַרזאַמלונג וועגן דעם קייסערס פּראָעקט״, אוכעדוימע זאכן.

לאנג האָט מען אזוי אונטערגעהאנדלט, און דער פּאָליצמייסטער האָט זיך אלץ געאַקשנט.

דערווייל האָט פּאָליציי געהאלטן אין איין צוקומען.

אונזעריקע זיינען אויך צוגעקומען.

שטייט מען אזוי און מע ווארט אויס.

ענדלעך, האָט דער פּאָליצמייסטער נאָכגעגעבן, נאָר ביטנאַי, אַז נאָכן מי-טינג זאָל מען זיך פרידלעך צעגיין.

האָבן זיך די טירן צעפּראַלט, און דער גאנצער אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטון אין שול.

וואָס סע האָט זיך געטון דעמאָלט אין שול, קענט איר זיך אַליין פאָר-שטעלן!

גערעדט האָט סאָלאָמאָן טאַלייסניק.

אַי, האָט ער גערעדט דעמאָלט!

— פייער!

נאָכן רעדן האָט מען אָנגענומען אַ רעזאָלוציע „וועגן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג" אנשטאט אָט דעם אָפּנארערישן פּראָעקט, און מע האָט אויך באַשלאָסן דידאָזיקע רעזאָלוציע איבערגעבן דעם פּאָליצמייסטער, קעדיי ער זאָל זי איבערשיקן דעם גובערנאטאָר.

ווען מען איז ארויס פון שול, איז שוין געווען 11 אינדערנאַכט.

איבער אלע גאַסן, וואָס פירן צו דער שול, איז געווען פול מיט פּאָליציי און קאַוואַלעריע. אף די ראָגן — פּיקעטן.

עפּעס ווי אַ מין מיליטער-לאגער האָט אויסגעזעען די שטאָט!

אָבער אויסגערעדט האָבן מיר זיך פריי.

איסראָליק

---

# „קאָנסטיטוציאָנעלע" טעג אין בארדיטשעוו

18-טער אָקטיאבר.

כ׳גיי איבער דער גאַס.

עפּעס שטייען צוויי אַרבעטער און אַמפּערן זיך וועגן דעם דאָקטער שעדענציס און וועגן עפּעס אַ ראָוו.

איז וואָס-זשע איז, אז סע שטייען צוויי מענטשן און אַמפּערן זיך עפּעס וועגן זייערן אן איניען?

נאָר ווי איז דער דין אין אַזעלכע פאַלן: ס׳גייט צו איינער, ס׳גייען צו נאָך און עס ווערט א רעדל.

און קאַכאַוועס:

ס׳איז געוואָרן א רעדל, דאָס רעדל האָט אָנגעהויבן וואקסן און ס׳איז געוואָרן אַ טויזנטקעפּיקער אוילעם.

אַ טויזנטקעפּיקער מאמעש!

פּלוצים האָט עמעצער אַ געשריי געטון: „נידער מיט די פּראָוואָקאַטאָרן"!

און גלייך האָט די שטימונג באַם אוילעם אָנגעהויבן וואַקסן און מע האָט זיך געלאָזט גיין.

וואוהין גיין, נאָך וואָס גיין?

מע גייט!

דער סאָד איז: ס׳א רעוואָלוציע אין לאנד, ס׳ברויזן קרעפטן. דערשטיקטע. סע גייט זיך.

— „לאָמיר האַרגענען א גאָראָדאָוואָי" — האָט זיך דערהערט א שטים. און דער אוילעם איז שוין גרייט עס גלייך אויספירן!

— „ניין, כאוויירים, — האָבן מיר זיך ארייַנגעמישט, — אַזוינס דאַרף מען איצטער ניט טון; לאָמיר זיי בעסער אַנטוואָפענען".

מיר גייען.

אָבער עפּעס אָן אַ פאָן, און ווען? — אין אזעלכע טעג! מע דאַרף א פאָן.

א פאָן — איז א פאָן: א שפרונג אין א מאנופאַקטור־קלייט, א כאַפּ א רויטס, אָנגעטון אף א שטעקן — און ווייטער גייען מיר שוין מיט א פאָן.

— „כאַוויירים, לאָמיר גיין באפרייען די אַרעסטירטע!"

— „לאָמיר"!

— „איז איין גרופּע זאָל גיין דורך דער יורידיקע; די צווייטע — איבער דער הויפּט־גאַס דעמאָנסטרירן".

גייט מען.

צווייטער אוטשאַסטאָק. זשאנדארמעריע, רייטעריער, שיסעריי — טויטע, פאַרוואונדעטע.

— „כעוורע, באנאכט רייסט זיך אַריין אינם געווער־מאַגאזין און באַוואָפנט זיך; ס'שטייט פאָר א גרויסער קאמף".

באנאכט — יעדיעס וועגן דעם „מאניפעסט".

האָט מען זיך עטוואָס „פאַרשעמט" און געקומען אין דומע מעלדן, אַז דאָס איז שולדיק דער אוילעם, וואָס האָט שיסנדיק „געצוואונגען" ענטפערן.

„אן אלטע מאיסע!"

פאַרנאכט אינם געזעלשאפטלעכן קלוב — א פארזאמלונג.

— „מאַניפעסטן" — „שמעסטן" — מע דארף פאָרזעצן דעם קאמף".

— „מע דאַרף!"

מיר זעצן פאָר.

צווייטער טאָג:

א דעלעגאציע צום שטאָט־ראָש קאָרנילאָוון.

15 מענטשן, בעראָש כ' רוואון, קעלניצקי און איך.

—מיר פאָדערן:

1) אַראָפּנעמען דעם באלאַגערונג־צושטאַנד.

2) אַרויספירן דאָס כאיל אויסערן שטאָט.

3) אַרעסטירן דעם זשאנדארם־ראָטמיסטער קרימסקי.

4) א לעוואיע פון די געפאלענע אפן כעשבן פון דער שטאָט־דומע מיט גאראנטיעס פאר די אנטיילנעמער.

5) דערלויבן א דרוזשינע איבער דער שטאָט.

בעשאס־מאיסע איז קיין באַלייכטונג ניט געווען.

די גאַנצע שטאָט האָט געשטרייקט.

אלץ טויט.

א מעכטיקע אונטערשטיצונג פאַר אונזערע פאָדערונגען.

קאָרנילאָוו זאָגט צו.

דערווייל האָבן זיך איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן דעם, אַז מע גרייט א פּאָגראָם.

האָבן מיר גלייך אָרגאַניזירט אַ שטאַרקע דרוזשינע, און קיין פּאָגראָם איז ניט געווען.

דאָ וועלן מיר אַגעוו באמערקן, אַז אויך דעם זשיטאָמירער פּאָגראָם האָט זיך ניט איינגעגעבן איבערוואַרפן זיך קיין בארדיטשעוו.

אין אַזאַ גרויסער, מאסנהאַפטער אידישער שטאָט, ווי בארדיטשעוו, איז קיין פּאָגראָם ניט געווען.

מיר האָבן ניט דערלאָזט.

אַזוי, אַלזאָ, האָבן זיך אָנגעהויבן אין בארדיטשעוו די „קאָנסטיטוציאָנעלע" טעג.

קארל

---

# מיינע אָקטיאַבּר-זיכרוינעס

די רוסישע כוואַליע איז געוואַקסן אלץ העכער און העכער ביז זי האָט ניט פאַרפלייצט דאָס לאַנד מיטן גראַנדיעזן אָקטיאַבּר-שטרייק. טייקעף האָט דער קאָמיטעט גערופן צושטיין צו דעם אלגעמיינעם קאַמף, און ס'איז גלייך איינגעאָרדנט געוואָרן א מאסן-פאַרזאַמלונג אף די „פּעסקעס".

אין דער שול, וואו די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען, האָט זיך צונויפגעקליבן אַן אוילעם פון אַ מענטשן 700. אונז, באָיעוויקעס, הייסט עס, האָט מען באפוילן האַלטן די וואַך. ריידן האָט אָנגעהויבן נאַכמען.

נאָר אַזוי ווי ער האָט נאָר אָפּגערעדט עטלעכע מינוט, איז צווישן דעם אוילעם דורכגעגאַנגען א קלאַנג, אז אין שטאָט איז אַ פּאָגראָם, אַז אין אוטשאַסטאָק, וואוהין מע שלעפּט נאָר וועמען מע איז כוישעד, שלאָגט מען ביזן טויט אריין, אז רוואַקע ביאלאסטאקער איז שוין ארעסטירט, אז שלוימקע זיצט שוין אויך א. א. וו., א. א. וו.

אין שול צווישן דעם אוילעם איז געווען אויף הערשקעס קאַלע. דערהערט אזעלעכס, איז זי גלייך ארויסגעלאָפן פון שול און האָט זיך געלאָזט לויפן אין שטאָט, וואו ס'איז געווען הערשקע, איר כאָסן, הייסט עס. נאָר דאָ איז אָנגעפאָרן קאַוואַלעריע און האָט גלייך דערשאָסן הערשקעס קאַלע. דאָסזעלבע האָט פּאַסירט אויך מיט אן אנדער כאַווער, א פּריקאַזטשיק, וואָס האָט זיך געלאָזט לויפן אין שטאָט.



מיטגליד פון „בונד״, כ-טע גנעסיע, דערהארגעט געוואָרן אף א מיטינג

18/X 1905 י.



דערהארגעט אף א מיטינג אין מולערשער שול 10/X 1905 י.

דערזעען אזא מאיסע, האָב איך גלייך א זאָג געטון עספּירן — געווען אן אקטיווע טוערן.

— „עספּיר, מיר וועלן דאָך אזוי אלע אומקומען, גלייכער זיך לאָזן רואיק ארעסטירן, און דאן ווען אלע לעבן בלייבן“.

— „ביסט גערעכט, שלוימקע, גלייכער אַזוי—האָט מיר עספּיר געענטפערט. האָב איך זיך דאן א ווענד געטון צום אוילעם:

— כאַוויירים, — האָב איך אויסגעשריגן — ניט מאַכט זיך אומגליקלעך. בלייבט אלע רואיק אף די ערטער. זאָל מען אונז בעסער ארעסטירן, איידער דערהארגענען אף דער גאס“.

נאָר קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט צו מיינע רייד און מע איז געלאָפן גלייך אין די הענט פון דער קאוואלעריע אריין. האָב איך זיך מעיאשעיו גע-ווען, ארויסגעכאַפּט מיין קינזשאל — יענע טעג האָט יעדער באַיעווויק געהאַט בא זיך א קינזשאל — און אוועקגעשטעלט זיך אַפן פענצטער, אַ געשריי געטון:

— „כאַוויירים. אָדער איר בלייבט אלע אף די ערטער רואיק, אָדער איר קומט אום פון מיין האנט“!

איז געוואָרן אביסל רואיקער, און מע האָט אופגעהערט לויפן.

דערווייל האָט זיך פּאָליציי געגומען רוקן אין שול. דערזעען די קלאָווים, האָבן מיר אָנגעהויבן שרייען „נידער מיטן קייסער“ און נאָך אזעלכע אויסרופן. האָבן אָנגעהויבן נאהאיקעס טאנצן איבער אונזערע פּלייצעס, און ס׳איז געוואָרן דער עמעסער הארמידער.

ווען מיר זיינען ארויס פון שול, האָבן מיר דערזעען, אז מיר זיינען ארום-געריגלט פון אלע זייטן מיט א רינג פון פּאָליציי. אזוי האָט מען אונז גע-טריבן איבער דער גאנצער שטאָט, ביז מע האָט ניט געבראכט אין טפּיסע אריין.

אין טפּיסע איז געווען פול מיט כאוויירים און סטאם מענטשן. וועמען נאָר האָבן מיר דאָרט ניט באגעגנט?!

גאַנצפרי האָבן מיר זיך אופגעכאפּט און הערן עפּעס אַ שטאַרקן טומל פון יענער זייט וואַנט. האָבן מיר זיך גלייך אַ לאָז געטון צו די פענצטער. זעען מיר, ווי אינם גאָרטן, אַנקעגן, שטייט אַן אוילעם פון אַ מענטשן צווייהונדערט אַוואַדע און מע מאַכט עפּעס צו אונז מיט די הענט.

אַפּאָנעם, אַז דאָס זיינען געקומען כעווריע אונז צו באַפרייען, — האָבן מיר גענומען טראַכטן. און טאַקע קאַכאַוועס: מיר האָבן זיך גלייך דערוואוסט — ווי אַזוי, איז קיין כידעש ניט, מאַכמעס פיל פון אונז האָבן שוין געהאַט גענומען פּראַקטיקע אין דרינען — אַז מע איז געקומען אונז באַפרייען.

— כעווריע, אונזערע זיינען אין גאָרטן, מע איז געקומען אונז באַפרייען, זעצט די שויבן, האַקט די טירן,—האָט מען אָנגעהויבן שרייען, און ס׳איז אַוועק די עמעסע אַרבעט!

מיר זיינען שוין פריי.

אין שטאָט אריין זיינען מיר געגאַנגען פאַרביי דעם וואָקזאל,—זאָלט איר זאָגן אַ לעבעדיקער נעפעש זאָל דאָרט זיין! טויט אַלץ!

— אַ-האַ-האַ, כעוורע, אַפּאָנעם, אַז עפּעס טוט זיך שוין ווידער — האָבן מיר אָנגעהויבן איבערעדן צווישן זיך!

און ס'האָט זיך שוין טאַקע ווידער „עפּעס" געטון: די דעקאַבר-געשעענישן האָבן גענומען זיך פאנאנדערוויקלען איבערן לאַנד.

שלוימע מעשורעס

---

# ווי אזוי מיר האָבן געקעמפט מיט פּראָוואָקאטאָרן

אָנהייב 1905-טן יאָר האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז אין שטאָט איז פאַראַן א גרופּע פּראָוואָקאטאָרן פון 14 מענטשן.

עפּעס די גאנצע צייט גייען אין שטאָט אַרעסטן, און מיר ווייסן ניט, ווי אַרום די בעסטע קעמפער ווערן אויסגעריסן פון אונזערע רייען.

איז פּונקט אין דער צייט געקומען צו אונז איינער א סטאָלער און האָט אונז געזאָגט, אז אין שטאָט איז פאַראַן א גרופּע פּראָוואָקאַטאָרן, און אַז ער, קעדיי צו אנטדעקן דידאָזיקע גרופּע, טרעט אויך אין איר אַריין. — „היינט באַנאַכט וועט אין דעם און דעם אָרט פאָרקומען א זיצונג פון דער גרופּע צוזאמען מיטן זשאנדאַרמסקע פּאָלקאָווניק. גאנוועט זיך אונטער אונטער די פענצטער, וועט איר דורך די שפּארונעס קענען זען, ווער ס'וועט דאָרטן זיין"— האָט ער אונז געזאָגט.

גוט.

באנאכט האָבן אונזערע כעוורע אַזוי געטון, ווי ער האָט אונז געזאָגט, און האָבן דורך די שפּארונעס דערזעען איינעם וויאטעקן און א פּרוי איטקע.

אַף מאָרגן זיינען איבער דער שטאָט שוין געווען בלעטלעך, וואו ס'זיינען גע-ווען די נעמען פון אלע פּראָוואָקאטאָרן.

—„א טויט די פּראָוואָקאַטאָרן, אַ טויט" — איז געווען אונזער באשלוס, און ווען מיר האָבן לעם טייך באַגעגנט איטקען, האָבן מיר לעכאַטכילע געוואָלט זי דערטרינקען, נאָר דערנאָך האָבן מיר באשלאָסן, זי זאָל אָפּפאָרן קיין אַמעריקע.

איז זי אָפּגעפאָרן.

דערנאָך האָבן מיר אַנטדעקט נאָך אַ פּראָוואָקאטאָר, אווראָמען—ער איז גע-ווען אן אגענט אף איבערצופירן איבערן גרענעץ קיין אַמעריקע, און איינ-צייטיק א פּראָוואָקאטאָר.

איז פלעג ער נעמען געלט פאַרן איבערפירן בא די עמיגראנטן, און דער-נאָך בא דער פּאָליציי פאַר ארויסגעבן זיי.

האָט מען אים אנטדעקט און געמאכט דעם קעץ: אַריינגעשטאָכן א מעסער אין האַלז, לעם דעם אַלטן בייסוילעם.

פאַרן טויט האָט ער באַוויזן א געשריי טון „יאנקל״ — און איז אומגעקומען. האָט מען אף מאָרגן געזוכט איבער דער שטאָט אַלע יאַנקלעך.

אויסער די פּראָוואָקאַטאָרן, האָט די פּאָליציי אויסגענוצט אויך די דוואָרניקעס אין קאמף מיט אונז.

מע האָט יעדן דוואָרניק צוגעפעסטיקט צו א באַשטימטן אוטשאסטאָק, וואוהין ער האָט געמוזט געבן געוויסע יעדיעס.

יעדער דוואָרניק איז געגאנגען מיט א גראָבן שטעקן און זיך געפירט מאַיסע גאָראָדאָוואָי.

ווען די פּאָליציי פלעג נאָכיאָגן עמעצן פון די רעוואָלוציאָנערן, פלעגן די דוואָרניקעס וואַרפן די שטעקנס איבער די פיס.

האָט מען עמעצן אַרעסטירט — פלעגן זיי נאָכגיין אונטן און נעריקן.

מע האָט ניט געקענט אויסהאלטן פון זיי.

איז אָט האָט מען באַטראַכט די לאגע און מע האָט באַשלאָסן, אַז מע זאָל די דוואָרניקעס, ניט קוקנדיק דערוף, וואָס זיי זיינען אַרבעטנדיקע, ברענען די אויגן.

האָט מען איינעם אויסגעברענט די אויגן.

האָט ניט געהאָלפן.

האָט מען אויסגעברענט א צווייטן.

זיינען זיי געקומען אין אוטשאסטאָק און געמאָלדן, אַז זיי נעמען אַראָפּ פון זיך די פּאָליציייאישע פליכטן, מאַכמעס דאָס לעבן איז זיי טייערער.

אַזוי איז אונז אויסגעקומען צו קעמפן.

**א. שפּיצגלאָז**

---

# פון מיינע זיכרוינעס

(עפּיזאָדן)

## ערשטער ארעסט

יאַנוואר-געשעעניש.

אין שטאָט איז דערקלערט אַן אַלגעמיינער שטרייק.

9 אינדעדפרי. כ׳גיי אַרויס פון לוואָווסקיס פאַבריק. איבערן שטאָט — קאָזאַקן. די גאַס פון דער קאָרשול ביזן סאָבאָר איז פאַרפּלייצט מיט מענטשן.

די פענצטער פון די מאגאזינען — אָן שויבן.

כ׳גיי.

פלוצים: — „אַהאַ, כ׳האָב דאָך ליטעראַטור בא זיך״, — האָב איך זיך גלייך דערמאָנט, און פאַרגאַנגען צום כ׳ בראָוואַרניק, האב איך דאָרט איבערגע-לאָזט די ליטעראַטור און בין ווידער ארויס אין גאַס.

אַף דער צווייטער זייט, לעם רעבעלסקיס קלייט — אַ באַקאַנט מיידל.

איז זי אַף דער צווייטער זייט, איך אַ־קעגן, און אַזוי גייען מיר און רעדן צווישן זיך.

נאָך אונז — אַפּאָנעם שפּיקעס.

לעם דעם סאָבאָר דערהער איך פלוצים, ווי עמעצער שרייט צו מיר:

— „סטאָי!״ — „וואו איז דאָס מיידל״?

— וואָסער מיידל?

— אָט אַ יענע, מיט וועלכער דו האָסט נאָר-וואָס גערעדט?

— מיט וועמען האָב איך עס גערעדט?

— און אָט דידאָזיקע דערקענסטו?

— ניין, איך ווייס ניט.

— „טאָ קום״, — און מע האָט מיך אוועקגעשלעפּט אין אוטשאַסטאָק.

אין צווייטן אוטשאַסטאָק: דאָ האָט מען מיך אַ כאַפּ געטון, פאַרבונדן דעם קאָפּ מיט עפּעס אַ קאָלדרע, אַ זעץ אין דער ערד געטון און אָנגעהויבן נעריקן.

איך: „גוואלד!״. זיי — שטארקער שלאָגן. איך — נאָך שטאַרקער שרייען. זיי — נאָך און נאָך שטאַרקער שלאָגן. איך — שטיל. זיי — אופגעהערט שלאָגן.

אין קאַמער.

אַ צעהארגעטער, אַ צעבלוטיקטער אין אַ קאַמער. דאָרטן — נאָך אַזוינע ווי איך. שטילע קרעכצן. אַזוי — ביז אינדערנאַכט, מיטן פּאָנעם ארוף, אין געהאקטע וואונדן, ניט רירן מיט קיין אייוועך.

11 באַנאַכט. 13 מענטשן, מענער און פרויען, פירט מען פון קאַמער, אין טפיסע אריין. די 14-טע קאמער. פּאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען. אַלע — אויקען.

פרימאָרגן. קיינער איז ניט בעקויעך אופצושטיין.

אַריין דער דאָקטער: — „עמעס, צעשלאָגן?״.

אַריין דער פּראָקוראָר: — „ווער האָט געשלאָגן״?

— „ווי אַזוי זאָלן מיר וויסן, אַז מע האָט אונז פאַרדעקט דאָס פּאָנעם״?

— נו, טאָ זייט אזוי!

— מיר שטיל: „אָט אַ מערדער״.

אין 9 טעג ארום — נומער 9 „וויעסטניק בונדאַ״. כ׳טו אַ קוק — אַ באַ-שרייבונג, ווי אַזוי מע האָט אונז ארעסטירט.

„אַ-האַ, כעוורע אַרבעטן גוט!

דעם 3-טן פעווראַל — ווידער אַף דער פריי.

## צווייטער אַרעסט

ניט באוויזן זיך אָפּצורוען, אויסגלייכן די ביינער פונם ערשטן געשלעג — ווידער אַרעסטירט.

אַהיים צו מיר זיינען געקומען צוויי פּאָליציאַנטן:

— וואו איז אבראַמאָוויטש?

— אָט בין איך: וואָס איז דען?

— קום!

מיר גייען. ערשטער אוטשאסטאָק. „פּאַר אַנטיילנעמען אין אַ קעגנמעלו-כישער באַוועגונג — צוויי כאַדאָשים פּאָליציי-אַרעסט״. זיץ איך.

אַפּרעל — ווידער פריי. פאַרזאַמלונגען נאָך פאַרזאַמלונגען.

ערשטער מאַי. באַ מיילעכן אין סאָד אַף דער גרויסער יורידיקע. דאָרטן — הוידעלקעס. מיר הוידען זיך. מאַלע-וואָס מענטשן הוידען זיך?

פלוצים, פון יענער זייט פלויט — קאָזאַקן. גלאַט אַזוי זיך קאָזאַקן.

מיר — אין אַלע זייטן, ווער וואו ס׳האָט נאָר געקענט.

איינע אַ מיידל האָט געוואָלט איבערן פלויט, האָט זי דאָס קליידל פאַר-טשעפּעט און זי אין געבליבן הייגגען.

— זע נאָר אַ זשידאָווקע אַפן פלויט, — האָבן זיך גענומען כידעשן די קאָזאַקן און מע איז פאַרביי.

אַלזאָ — מאַי. אַלע אידישע ארבעטער אַפן גאַס. קיינער אַרבעט ניט.

אַווגוסט. אין דער קאַצאָווישער שול — אַ מיטינג.

— „וואו איז דער רעדנער״?

גייען מיר נאָכן רעדנער. געקומען צוריק. ארום דער שול — פּאָליציי. מע פירט אין טפיסע.

סענטיאבר. די סטאָלערשע שול: טויזנט אַרבעטער אינעווייניק. פונ-דרויסן — נאָך מער. אַ מיטינג — אינעווייניק. אַ מיטינג — פונדרויסן.

פלוצים — פּאָליציי. מע שיסט. אפן פענצטער — אַ מיידל פאַרוואונדעט. אַרומגערינגלט אַלעמען און — אין טפיסע.

אוי, וועט דאָרטן פריילעך זיין: אַזויפיל כעוורע!

„פּעסקעס״. די האָלצזעגערשע שול: הונדערטער מענטשן. דער „בונד״ מיטינגירט.

אַ צווייטע שול. מענטשן, מענטשן. אָט-אָט און ס׳וועט אופלאַמען אַ מיטינג. אָט, אָט. נאָר פלוצים — פּאָליציי. ווער אַהין, ווער אהער. קיין לע-בעדיקער נעפעש. קאָזאַקן — פאַרבײ.

די אלטע שול: אַ פאַרזאַמלונג פון בונד. ס׳רעדט סאָלאָמאָן טאַלייסניק. רעדט פייערדיק, מיטן גאַנצן האַרצן. פלוצים — פּאָליציי. מע איז זיך פרידלעך צעגאַנגען.

אָקטיאַבּר-טעג. כ׳גיי איבּער דער שטאָט. עפּעס זעט מען ניט קיין פּאָליציי! וואוהין האָבּן זיך די קלאָווים אַהינגעטון? לעם רעבּעלסקיס קלייט — אַ פּריסטאַוו.

— אַהאַ, בּיסט דאָ! גיבּ נאָר די שאַשקע!

אָפּגעגעבּן. זיינען מיר אוועקגעגאַנגען ווייטער.

18-טער אָקטיאַבּר. איבּער דער שטאָט — מאַכנעס, מאַכנעס.

— „לאָמיר גיין בּאַפרייען די אַרעסטירטע!"

— „לאָמיר, לאָמיר".

מיר גייען. בּעלאָפּאָלער גאַס. מע שיסט. מע לויפט.

פּלוצים: אוי-ווי, א קליין מיידעלע, א פּיצעלע, פּונוואַנעט אַזאַ קליינע מאַניפעסטאַנטקע? פאַרן העַנטל, און — אַף סאַדאָווע גאַס.

דער 19-טער. יעדיעס וועגן „מאַניפעסט". לעם דער שטאָט-דומע מיינגעס מענטשן. אַף דער טריבּונע — פאָרשטייער פון אלע פּאַרטייען. מע רעדט, מע שרייט:

— „קאָנסטיטוציע" „קאָנסטיטוציע".

פּלוצים:

— „קאָזאקן גייען", „קאָזאַקן".

פאָלקאָווניק שווינדט:

— „זייט רואיק, ס׳וועט גאָרניט זיין".

מע צעגייט זיך פרידלעך.

אין עטלעכע טעג אַרום — גנעסיס לעוואיע. טויזנטער מענטשן. אויך פאָר-שטייער פון דער דומע. פאָנען. קראַנצן. אופשריפטן. אונזער בּלוט, אונזער ארבּעטער-בּלוט.

---

## זשיטאמירער פּאָגראָם און אונזער קאַמף־דרוזשינע

1904. אין זשיטאָמיר — אַ פּאָגראָם. אַ בּלוטיקער פּאָגראָם. בּלינאָוו און וויינשטיין — דערהארגעט. וועט דער פּאָגראָם זיך אריבּערוואַרפן קיין בּאַר-דיטשעוו? די דרוזשינע לאָזט ניט. אַרבּעטער וועלן ניט דערלאָזן. ניין!

אף בּיסטריקער גאס, בּא מאגאזאניקן אין מויער — איין אָפּטייל, דער צווייטער — אינם געסעלע לעם דער זשיטאָמירער שול, דער דריטער — אַף דער בּראָדער גאַס.

א גרופּע — קיין זשיטאָמיר צו הילף.

מיר פאָרן. אַ דערפל סונגארע, לעם זשיטאָמיר.

—„ניט פאָרט דורך דאַנען, ניט פאָרט, ערשט האָט מען דאָ געהארגעט 10 אידן; אַראָפּגעשלעפּט פון דער פור און געהארגעט“.

האָבן מיר אקער געטון אַף קאָדניע, און פונדאָרטן מיטן צוג קיין זשיטאָמיר.

זשיטאָמיר. אַפּן וואָקזאל — קיין נעפּעש ניט. עפּעס אַ פּאָר פורלעך.

— „אין שטאָט פאָרן מיר ניט“.

— „מאַכט ניט קיין קונצן און פירט“.

ארוף אפן וואָגן און געפאָרן.

מיטשענער נאס. אין דער לופטן — פעדערן. אַף דער ערד — הארוגים. די לאָדן — פאַרהאקט.

פלוצים: פונם געסל 4 כוליגאנעס, דעם פערד פאַרן צוים.

— „שטייט“!

מיר מיט די אייזערנע שטעקלעך איבער די פערד, א יאָג געטון—און מיר פאָרן ווייטער.

בארדיטשעווער גאס. דער הילף-קאָמיטעט. א גרויסער הויף. ווייבער. קינדער. זקיינים. קלומקעס. קרעכצן. אומגליקן.

פלוצים א יעדיע: אף פאָליאַקאָווער גאס א נייע באנדע, גיט איילִיקע הילף.

אַ טייל — אַהין. א טייל — אף דער קאמענקע.

אַ שול. מיר — אין שול.

אַף מאָרגן א באפעל פונם וואָלינער גענעראל גובערנאטאָר: „אַרעסטירן די באוואָפנטע“.

מיר — צוריק קיין בארדיטשעוו.

דער זשיטאָמירער פאָגראָם האָט זיך ניט אריבערגעוואָרפן קיין בארדיטשעוו. מיר, ארבעטער, האָבן ניט דערלאָזט.

**אבראמאוויטש**

---

# ליכטיקער אנדיינק

## 1. גנעסי שפּאַק

געווען איז זי אַ שניידערקע און געהערט האָט זי צו דער ס.ס.-ישער פּאַרטיי. אַ מאַסאָווע אַרבעטערן געווען. אַף אַ דעמאָנסטראַציע בעשאַס די שטורמישע אָקטיאַבער-טעג, אָט דעמאָלט-אָ, ווען די לופט איז געווען פול מיט ברויז און פולווער, האָט מען זי, די באַשיידענע אַרבעטערן — דערהאַרגעט. איז אַ לעוואַיע געווען. אַ צענטויזנט-קעפּיקע פּראָלעטאַרישע לעוואַיע, מיט פאָנען, מיט אויפשריפטן, מיט קרענץ, מיט אַ שוואוּע זיך נויקעם זיין. דערנאָך האָט מען אַ ליד געזונגען, „גנעסיס ליד״.

## 2. פאַני גרעבעלסקע

צו דער באַוועגונג איז זי צוגעשטאַנען אין 1902 יאָר. צוגעשטאַנען — און גלייך זיך גענומען אַרויסרוקן.

אַ שניידערקע — האָט זי געאַרבעט אינם נאָדל-פאַך, און גרויס איז געווען איר אויטאָריטעט צווישן די אַרבעטער. האָט זיך באַטייליקט אין דער „צענטראַלער סכאָדקע״. און אַז די „צענטראַלע סכאָדקע״, באַשטאַנען פון די אַקטיווסטע כאַוויירים, האָט דירעקט לויט די אָנווייזונגען פונם קאָמיטעט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט, ווייסט איר דאָך. איז די כ׳ פאַני, הייסט עס, געווען איינע פון די אָנפירער פונם באַרדיטשעווער פּראָלעטאַריאַט. אין אַלע מאַסן-אַרויסטרעטונגען שטענדיק זיך באַטייליקט. האָט דער צ. ק. געפונען פאַר נייטיק זי אַריבערוואַרפן קיין וואַרשע — אַרבעט זי, פאַני, אין וואַרשע, מיטן זעלבן ברען.

אלזאָ — װארשע. אָנהײב 1905. אַ דעמאָנ־טראַציע. װי מײנט איר, פּאַני איז געװען אַף דערדאָזיקער דעמאָנסטראַציע? ניט נאָר געװען, נאָר געפאַלן טויט. אַ טויטע אַף דער גאַס. געאַרבעט צוליב דער גאס און — געפאַלן אף דער גאַס.

### 3. כ׳ סאלאמאן מארגאָלין (גרישע)

געקומען איז ער קײן באַרדיטשעװ אין 1904 יאָר. געאַרבעט צװישן די האנדלס-אָנגעשטעלטע. קרײזן — איז קרײזן; שטרײקן — איז שטרײקן; אַן אויסגעצײכנטער רעדנער! װער פון די באַרדיטשעװער אָנגעשטעלטע האָט עס ניט געװאוסט דעם כ׳ גרישע?! טרעפט אַ דורכפאַל, און כ׳ גרישע איז שוין אַף פּאַרטײ-אַרבעט אין װארשע. איז אַ דעמאָנסטראַציע אין װארשע — איז גרישע אַף דער דעמאָנסטראַציע. איז קוילן פליען — איז גרישע טויט. באַלײטן אים װאַרשעװער אַרבעטער צו זײן אײביקער רו:

„אַ קלאָלע דער זעלבסטהערשונג!"

„נעקאָמע, נעקאָמע".

### 4. איסראָעל ראװרעװי

געאַרבעט אין באַרדיטשעװ פּ ן 1902 ביז 1909. אַן אויסגעצײכנטער אָר-גאַניזאַטאָר. אַ גרויסאַרטיקער קאָנספּיראַטאָר! אַ מיטגליד פון קאָמיטעט פון „בונד". אָבער אויך אַ קראַנקער, אַ שװינדזוכטיקער כאװער. איז ארײן אין טפּיסע — איז ער פונדאָרטן שוין ניט ארויס: געשטאָרבן פון טשאכאָטקע.

### 5. יוזיק בראָדאָװסקע (ראכמיל)

אין באַרדיטשעװ—פון 1904 ביז 1907. מיט װאָס האָט זיך אויסגעצײכנט דער כ׳ יוזיק? אַ טײערער פּראָפּאַגאַנדיסט געװען. אַ טעמפּעראַמענטפּולער אויפקלערער. האָבן אים אַרבעטער געהערט. האָבן אים ארבעטער געשעצט. איז פאָרגעקומען אַ דורכפאַל. איז יוזיק — אין דער שװײץ. טרעפט, אַז ער באָדט זיך און װערט דערטרונקען. ס׳אַראַ אומזיניקער סאָף פאַר אַ רעװאָ-לוציאָנער!

---

# דאקומענטן

## אופרוף פון באַרדיטשעווער ראַט

פּראָלעטאַריער פון אלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

צו אלע ארבעטער פון באַרדיטשעוו.

### דאס וועט זיין דער לעצטער, אנטשיידענער שלאכט

בּרייט און מעכטיק וויקלט זיך פאַנאַנדער די רעוואָלוציע. אלץ העכער און
העכער הייבּט זיך די כוואַליע פון דער פאָלקס-באַוועגונג. און אויך דער סאָל-
דאַט — דאָס לייבּלעכע קינד פון פאָלק — האָט ניט געקענט ניט אופשטיין, ווען
ס'איז אופגעשטאַנען דאָס גאַנצע פאָלק. ס'האָבּן זיך אָנגעהויבּן סאָלדאַטן-אופ-
שטאַנדן. ס'זיינען אופגעשטאַנען די, וואָס אַ לאַנגע צייט האָט מען זיי גע-
צוואונגען זיין מערדער פון זייערע אייגענע בּרידער. זיי האָבּן הויך און מעכ-
טיק אויסגעשריגן: מיר ווילן מער ניט זיין קיין טאַליאָנים פון אונזערע פאָ-
טערס און מוטערס, בּרידער און שוועסטער, מירן גייען צוזאַמען מיטן פאָלק
קעגן דעם אלגעמיינעם סוינע — דער צאַרישער זעלבּסטהערשונג. אָט דערדאָזי-
קער אויסגעשריי האָט זיך אריבּערגעטראָגן איבּערן גאַנצן לאַנד פון קראָנשטאַט
בּיז סעוואַסטאָפּאָל, פון ליבּאַווע בּיז קיעוו, פון מאָסקווע בּיז דער ווייטער
מאַנדזשוריע, בּיז יענער מאַנדזשוריע, וואָס איז גערדיכט באַגאָסן מיט סאָל-
דאַטן-בּלוט. אין וולאַדיוואָסטאָק, אין כאַרבּין זיינען אופגעשטאַנען די סאָל-
דאַטן, פאָדערנדיק, אַז מען זאָל זיי אומקערן צו די אייגענע פעלדער. זיי ווילן
זיך שטעלן אין די רייען פונם קעמפנדיקן פאָלק. זיי ווילן נעקאָמע נעמען
פון דער רעגירונג פאַרן פאַרגאָסענעם בּלוט, פאַר די איבּעריקע ליידן, פאַר
הונדערטער טויזנטער יעסוימים און אלמאָנעס, פאַר די מיליאָנען פאָלקס-געלט,
וואָס מע האָט פאַרטרונקען אין די וואַסערן פונם גרויסן אָקעאַן. ס'האָבּן זיך
אופגעהויבּן אויך די פּויערים, פאָדערנדיק ערד און פרייהייט. די פּויערים האָבּן
זיך פאַראייניקט אין א פאַרבּאַנד, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר א ציל דער-
שלאָגן זיך אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. אומעטום קומען פאָר אַגראַר-אומרוען, מע
רואינירט די גיטער. ס'האָבּן זיך אָנגעהויבּן אָרגאַניזירטע אופשטאַנדן פון פּויערים,
וואָס פאָדערן, אַז מע זאָל אומקערן אלע ערדן, וועלכע מע האָט מיט גוואַלט

באַ זיי צוגענומען. מע טרייבט ארויס די אָרטיקע מאַכט און מע ווײלט אויס אייגענע באַפולמעכטיקע. מע צאָלט ניט קיין שטייערן דער באנקראָטירטער צאַרישער רעגירונג, מע זאָגט זיך אָפּ ערטערווייס צושטעלן רעקרוטן. די פויערשע אומרוען האָבן ארומגעכאַפּט קימאַט דאָס גאַנצע לאַנד פון גוריע ביז טווער און ליפלאַנד. איז אָט, ווען דאָס גאַנצע לאַנד איז ארומגעכאַפּט מיטן פייער פון דער רעוואָלוציע, וואָס צעפלאַקערט זיך מיט יעדן טאָג אלץ העלער און העלער, האָט זיך ווידער באַוויזן די שרעקלעכע כאַיע — די זעלבסטהער-שונג, גרייט ווידער אריינשטעכן אירע שאַרפּע, שטאָלענע נעגל אינם קערפּער פון פאָלק. דער באַפעל פונם 29-טן נאָיאַבער מעלדעט, אַז אויב דער באַן, פּאָסט און טעלעגראַף וועלן פאַרשטרייקן, וועט יעדער גובערנאַטאָר קענען דערקלערן קריג-צושטאַנד. אזוי ארום וועלן זיין אזויפיל זעלבסטהערשער, וויפל ס׳זיינען פאַראַן גובערנאַטאָרס, און דאָרט, וואו ס׳ניטאָ קיין גובערנאַטאָר, וועט די מאַכט אריינפאַלן אין די הענט פון אַ וועלכן ס׳ניט איז שיקערן אָפיצער. אויך אנדערע רעפּרעסיעס נעמט אונטער די רעגירונג. זי האָט געפאַנגען 250 אַרבעטער-דעפוטאַטן בעראָש מיט זייערע פאָרזיצער די כ״כ כרוסטאליאָוו און יאַנאָווסקי*), ארעסטירט די קעמפער פאַר דער פרייהייט, קאָנפיסקירט און פאַרמאַכט פרייע צייטונגען, דערקלערט קריג-צושטאַנד און אויסעראָרדנטלעכע וואך דאָס אין איין אָרט, דאָס אין אַ צווייטן.

די רעגירונגס-מיטיילונג זאָגט, אז אין פאַל פון אַ שטרייק וועט די באַ-פעלקערונג זיין אזוי אופגעבראַכט, אַז זי וועט זיך אליין נעמען צו די שטריי-קער. מיר ווייסן גוט, וואָס פאַר אַ באַטייט האָבן דידאָזיקע ווערטער, געזאָגט פון אַ נידערטרעכטיקער רעגירונג. דאָס באַטייט: ווייסט—איך גרייט אַזאַ בלוט-באָד, ווי אין די אָקטיאַבער-טעג, דאָס הייסט, אידישע פּאָגראָמען, שווארצמיי-אישע אופטוען, שייטערהויפנס פאַר פרידלעכע בירגער ווי אין טאָמסק, האַ-ריגעס פון רעוואָלוציאָנערן, דערשיסונגען און טליעס פאַר סאָלדאַטן-בונטאַרן.

אַ מעשוגע, נידערטרעכטיק הייפל פון כוליגאַנעס, באַשפּריצט מיט בלוט פונם פאָלק, וויל אָפּשטעלן דעם זיגרייכן גאַנג פון דער רעוואָלוציע. כאָסער-דייעס, ווי נישטיק עס זיינען אייערע פּרוואון אָפּשטעלן די באוועגונג, וואָס קיין קראַפט אין דער וועלט איז ניט אימשטאַנד אָפּצושטעלן! מיט אייערע רעפּרע-סיעס גראָבט איר נאָר טיפער זיך אַ גרוב. ציטערט, טיראַנען! דער פאָלקס-געריכט איז נאָענט! דער פּעטערבורגער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגענומען דעם כוצפּעדיקן אַרויסרוף פון דער גויסעסדיקער רעגירונג און האָט געענטפערט מיט אן אלגעמיינעם שטרייק. ווידער האָט זיך דער רעוואָלוציאָנערער פּראָ-לעטאַריאַט אופגעהויבן ווי איין מענטש, געבנדיק דעם גאַנצן לאַנד צו פילן די מעכטיקע קראַפט פונם ארבעטער-קלאַס.

---

*) יאַנאָווסקי — איז כ׳ טראָצקי.

פון אלע זייטן קומען יעדיעס וועגן אַן אלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק, וואָס פאַרכאַפּט אלץ גייע און נייע קאַנטן. עס שטרייקט דער טעלעגראַף, עס שטרייקט די אייזנבאַן, עס שטרעקן די פאבריקן און זאַוואָדן. דער אלגעמיי-נער שטרייק, — דאָס איז אן אויסגעפּרואווטער מיטל, וואָס דערמיט קען דאָס פּאָלק פאַרניכטן דעם פיינט. און מיר, אַרבעטער פון בארדיטשעוו, דארפן אויך ניט אָפּשטיין פון דערדאָזיקער באַוועגונג. לאָמיר ווארפן די פאַבריקן, די זאַ-וואָדן, די ווארשטאַטן, לאָמיר אָפּשטעלן דאָס גאַנצע לעבן, זאָל ניט זיין ניט קיין וואַסער, ניט קיין באַלייכטונג, ניט קיין טראַמוואַי. מיר דאַרפן אונטער-שטיצן אונזערע כאַוויירים. מיר דארפן פּאָדערן אַ גרינדונגס-פאַרזאַמלונג.

ווייסט, כאווײרים, אז דאָס איז דער לעצטער מוירעדיקער געראַנגל מיט דער זעלבסטהערשונג!

טאָ לאָמיר-זשע, כאַווײַרים, אָנשטריינגען אלע אונזערע קויכעס, און דער פײַנט וועט צו נישט ווערן.

נאָך איין אָנשטריינגונג, און די כאַיע — די זעלבסטהערשונג — וועט זיין דערקוועטשט, און מיר וועלן איבער דער נעווײלע פון דערדאָזיקער כאַיע, וואָס האָט אונז לאַנג געדריקט, איבערשפּאַנען צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג, וואָס וועט אונז געבן א מעגלעכקייט פריי און זעלבשטענדיק צו קעמפן קעגן אונזערע עקספּלואטאטאָרן-קאַפּיטאַליסטן, זעלבשטענדיק נעמען אין אונזערע הענט דעם אייגענעם גוירל און איינשטעלן א דעמאָקראַטישע רעפּובליק, דאָס הייסט, אזא מעלוכע-אָרדענונג, וואו דאָס פּאָלק וועט אליין ארויסגעבן פאַר זיך געזעצן.

פּאָרויס, כאווײרים, מיר וועלן זיגן!

זאָלן דידאָזיקע זיכערקייט און לוסט צו פרייהייט געבן אונז קויכעס פאַרן קאַמף.

אַלזאָ, לאָמיר דערקלערן אן אלגעמיינעם שטרייק.

זאָל איצט די הויפּט-פּאָדערונג זיין: באַלד צונויפרופן די גרינדונגס-פאַר-זאַמלונג אפן גרונט פון אלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן, געהיימען וואַל-רעכט.

זאָל לעבן דער אלרוסלענדישער פּאָליטישער שטרייק!

זאָל לעבן דער אלרוסלענדישער קעמפנדיקער פּראָלעטאַריאַט!

זאָל לעבן די גרינדונגס-פארזאמלונג!

זאָל לעבן די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!

## דער ראט פון ארבעטער־דעפּוטאטן פון באַרדיטש׳ וו

דעקאבר 1905.

---

# אינהאלט.

זייט.

פרייז 75 קאָפּ.

# 1905 PIK

## НА БЕРДИЧІВЩИНІ.

Нариси й спомини.

---

**Окружна комісія по переведенню 20-ти-літнього ювилею 1905 року.**